ל. הינדעס

# מיינע קינדער־יאָרן אויף די פּיאַסקעס

זכרונות פון מיין היים־שטאָט ביאַליסטאָק
פון די יאָרן 1905-1882

1963

גערווידמעט מיין ליבע שוועסטער

**פייגל אושקאָווסקאַ**

וועלכע, צוזאַמען מיט צענדליקע טויזנטער
ביאַליסטאָקער אידן, איז אומגעבראַכט געוואָרן
פון די נאַצישע רוצחים אין טרעבלינקא, אין 1942.

אַרויסגעגעבן פון דעם

ל. הינדעס בוך-קאָמיטעט, באָסטאָן

פריינק, זיידמאַן, פאָרזיצער
וואולף וויינער, סעקרעטאַר

# פאָרעדע

„פיאַסקעס״ שטאַמט פון דעם פוילישן וואָרט „פיאַסקי״, וואָס מיינט: זאַמדן.

ווען ביאַליסטאָק איז מיט אומגעפער 250 יאָר צוריק געוואָרן אַ טייל פון פוילן (פריער האָט די שטאָט געהערט צו פרייסן) און גענומען וואַקסן, איז דער גאַנצער שטח פון די פיאַסקעס געווען זאַמדיק, אַזוי ווייט ווי ביז דעם דאָרף סלאָבאָדע. און פון דאָזיקן זאַמדיקן געגנט האָט די דעמאָלטיקע שטאָט־אַדמיניסטראַציע אויס־געשניטן גאַנצע דריי גאַסן (ווי דערמאָנט אין בוך) און די דריי גאַסן זיינען געגאַנגען אונטער איין נאָמען — „פיאַסקי״ אין פויליש און „פיאַסקעס״ אין אידיש. און אונטער דער צאַרישער רעגירונג, אי־נעם יאָר 1795, האָבן די אַלע דריי גאַסן געקראָגן דעם נאָמען „פעסטשאַנאַיאַ אוליצאַ״. פאַרוואָס די דעמאָלטיקע שטאָט־באַאַמטע האָבן די אַלע דריי גאַסן געגעבן איין נאָמען האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט און קיינער איז ניט געווען פאַראינטערעסירט צו וויסן.

אויף דער לאַנגער פיאַסקעס, מיט אירע שיטערלעך־פאַרבויטע הילצערנע איין־און צוויי־שטאָקיקע הייזער, מיט אירע טיפע הויפן, וואו עס האָבן געוואוינט אידן, דייטשן און פאָליאַקן, בין איך גע־בוירן געוואָרן און אויפגעוואָקסן אין דער פאַמיליע פון אַ קליין טוך־און שאַדי־פאַבריקאַנטל. ווי די מייסטע קליינע געשעפטסלייט אין יענע יאָרן, איז מיין פאָטער אָפט מאָל געווען „נאַד קאָניאָם אי פאָד קאָניאָם״ (איבערן פערד און אונטער דעם פערד), דאָס הייסט, אַמאָל גוט און אַמאָל ניט אַזוי גוט. אָבער פון נויט האָט אונדזער פאַמיליע ניט געוואוסט. פאַרקערט, פאַר אַ צענדליק יאָר איז דער טאַטע געווען פאַררעכנט אויף די פיאַסקעס אַלס אַ נגיד.

פאַר די קנאַפע 23 יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אויף מיין גאַס האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן דעם שטייגער לעבן פון אונדזערע אידישע שכנים. שבת זיינען די קראָמען און די שענקען געווען פאַרשלאָסן אויף „זיבן ריגלען״. שטיל איז גע־

ווען ווי (להבדיל) אויף אַ בית־עולם. דער איינציקער קרעמער, וועלכער האָט געהאַלטן אָפן איז געווען דער סאָדאַ־וואַסער פאַר־קויפער. (ער האָט קיין געלט ניט גענומען; ער האָט געהייסן זיינע קונים אַוועקלייגן די קופּערנע מטבעות אויפן „טובאַנק“). כ׳האָב געזען ווי די געציילטע באַלעבאַטישע אידן גייען שבת פון בית מדרש אָנגעטאָן אין צילענדערס, דעם קאָפּ פאַרריסן; כ׳האָב אויך געזען ווי חסידישע אידן לויפן שבת גאַנץ־פרי אין מרחץ זיך טובלען. געזען ווי פיאַסקאָווער כלה־מיידלעך שפּאַצירן פרייטאָג צונאַכט נאָכן עסן, אונטער דער שיין פון דער פולער לבנה אין איין גע־דיכטע שורה — כמעט די גאַנצע ברייט פון דער גאַס — און ריידן און ריידן. געזען אויך ווי אינגלעך און דינסט־מיידלעך טראָגן דעם טשאָלנט פון מלכה־רייזלס פעקאַרניע; ווי פרויען פון אַרבעטער טראָגן באַהאַלטן אונטער דער פאַטשיילע דעם ערדענעם טעפּל „געקעכטס“ צום מאַן אין פאַבריק. גוט צוגעקוקט ווי האַלב־הונ־געריקע אידן, אין אָפּגעקראָכענע לאַנגע קאַפּאָטעס, דרייען זיך אַרום אין מאַרק זוכנדיק עפּעס צו פאַרדינען און אַנדערע בילדער פון אָרעמקייט.

אָבער אין דער זעלביקער צייט האָט מען שוין געזען די שפּראָ־צונגען פון דעם אָנקומענדיקן נייעם פּאָליטישן, עקאָנאָמישן, קולטור־רעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ביאַליסטאָק און אין גאַנץ רוסלאַנד. מ׳האָט שוין ניט מורא געהאַט צו ריידן אויף „אים“ (דעם קייסער). מ׳האָט שוין גערעדט אַזעלכע ווערטער, ווי פּאַרלאַמענט, אָפּענע וואַלן, געהיימע וואַלן, קאָרפּאָראַציעס, טראָסטן, אויטאָקראַ־טיע, ביוראָקראַטיע — ווערטער וואָס זיינען אַבסאָלוט געווען אומ־באַקאַנט דעם עמך. היינט די סטרייקס (מ׳האָט זיי דאַן גערופן סטאַטשקעס, זאַבאַסטאָווקעס), די סכאָדקעס הינטערן שטאָט, די גרויסע דעמאָנסטראַציעס, די צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי; די אינג־לעך וואָס האָבן געטנאַצט אַ קאַראהאָד און שרייענדיק: „דאָלאָי סאַמאָדיערזשאַוויע, דאָלאָי סאַמאָדיעזשאַוועץ מערזאוויץ“! און די אַנטי־צאַריסטישע און אַנטי־קאַפּיטאַליסטישע לידער, וואָס מ׳האָט געהערט דורך אָפענע טיר און פענצטער און אויף די שפּאַצירן אין וואַלד — אַט־די אַלע פּאַסירונגען, וואָס זיינען באמת געווען די

סימנים פון דעם אָנקומענדיקן פרייערן און בעסערן לעבן פאַר אַלע אונטערדריקטע מאַסן אין דעם גרויסן רוסלאַנד — האָבן זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין מיין זכרון. און איצט, אַריינטרעטנדיק אין „טיפן עלטער", פרייט עס מיר, וואָס איך קען טיילן מיינע זכרונות מיט מיינע מיטצייטלער, אָדער מיט די וואָס האָבן געהערט פון די דאָזיקע געשעענישן אין אונדזער היים־שטאָט ביאַליסטאָק.

מיין בוך קען פאַר קיין פאַל ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ קונסט־ווערק אָדער אַ ראָמאַן, מיט אויסגעטראַכטע נעמען פון מענטשן, שטעט און סיטואַציעס. ווייט פון דעם. עס איז בלויז אַ פאַרצייכענונג, אַ באַשרייבונג, אויב איר ווילט, פון אידישן לעבנס־שטייגער אויף מיין גאַס און פון די פּאַסירונגען, וואָס זיינען געווען אַן אָנזאָג פון נייע און בעסערע צייטן — געשעענישן וואָס איך האָב אַליין מיט מיינע אויגן געזען און מיט מיינע אויערן געהערט. עס לאָזט זיך גלויבן, אַז איר, ליבער לייענער און לייענערין, נאָך דעם ווי איר וועט האָבן איבערגעלייענט דעם בוך, וועט איר אַוודאי פאַרלאַנגען נאָך... איר וועט וועלן וויסן: וואָס ווייטער? ווי אַזוי האָב איך זיך איינגעאָרדנט אינעם נייעם לאַנד. לײדער, האָב איך ניט געקענט געבן אין דעם בוך אייער באַרעכטיקטן „נאָך" און „וואָס ווייטער?" און צו באַפרידיקן אייער נייגעריקייט וועט איר זיך באַמיען צו לייענען מיין ערשטן בוך: „פאָל ריווער — אַמאָל און היינט".

**דער אויטאָר**

באָסטאָן, מאַס., יוני, 1963

# דאַנקזאָגונג

מיין האַרציקן דאַנק צו די פריינט און חברים פאַר זייערע פי־נאַנציעלע און מאָראַלע שטיצע, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דער בוך זאָל דערזען די ליכטיקע וועלט:

שמואל און רחל וועסטעלמאַן, באָסטאָן; יצחק לעווין, פיטסטאָן, פענסילווייניע; היימאַן שאַפּיראָ, באָסטאָן; מר. פיליפ לאָון, ניוטאָן סענטער, מאַס.; מרס. דאָרא האַיד, באָסטאָן; אהרן קינגאָף, גרינ־וויל, סאַוט קאַראָליינא; מרס. ליובא הורוויץ, לאָס־אַנדזשעלעס, קאַ־ליפאָרניע; מרס. מאלי קאַפּלאַן, פאָל־ריווער, מאַס.; מר. מאַקס מייזעל, בעלפעסט, מעין; מר. מאַיק טאָוז, נאָריסטאָן, פענסילווייניע; בען סאָהן, דזשעקסאָנוויל, פלאָרידאַ; מרס. מיני סלייטער, האָליוואוד, פלאָרידאַ; שרה און דזשעק פינקעל, פיבאָדי, מאַס; שלמה פישער, פיבאָדי, מאַס.; בעני סקלעיר, ביינגאָר, מעין; סידני שיינפעלד, מאַ־האַנאָי סיטי, פענסילווייניע; מאָריס גאָרפינקעל, אַלענטאון, פענ.; אַרנאָלד סוקעניק, הייזלטאון, פענ.; וויליאַם טאָקער, סאַוט נאָר־פאָלק, ווירדזשיניע; דר. הערי בלאָק, טשעלסי, מאַס.; דר. חיים זשיטלאָווסקי לייען־קרייז, טשעלסי, מאַס.; איזידאָר טאָמאַס, באַל־טימאָר, מערילאַנד; סאָניאַ סאָקאָל, טשעלסי, מאַס.; דזשאָזעף שניידער, באָסטאָן, מאַס.; דר. דזשאָזעף וויינרעבע, באָסטאָן, מאַס.; הערבערט העלער, באָסטאָן, מאַס.; נייטן און דזשעני ווינקלער, מיאַמי ביטש, פלאָרידא; ליפּע הענדעליאָוויץ, קאָפּענהאָגען, דענעמאַרק.

אויך צו די שרייבער: ס. ד. לעווין, וועלכער האָט זיך באַ־מיט פאַר מיר צו פאַרהאַנדלען מיט דער דרוקעריי, אין ניו־יאָרק, און צו מר. דוד סאָהן, רעדאַקטאָר פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע“, וועלכער האָט געלייענט די אָפּדרוקן („פּרופס“), אָנגעוויזן דרוק־פעלערן און רעקאָמענדירט אויסבעסערונגען.

# מיינע קינדער־יאָרן אויף די פּיאַסקעס

## זכרונות פון מיין היים־שטאָט ביאַליסטאָק

### (פון די יאָרן 1882 ביז 1905)

געווען אין ביאַליסטאָק דריי פּיאַסקעסן:

1) די ברייטע גלייכע פּיאַסקעס, וואו ס'איז אַמאָל געווען מלכה סטירעס זייפן־פאַבריק, נתן סוראַזסקיס טוך־פאַבריק, יאַנקל דעם שפּיגל־מאַכערס ווערקשטאַט, שמעונשטשכעס געהילץ־פּאַד־וואַר; וואו ס'האָט געוואוינט די באַוואוסטע און באַליבטע ריווע די הייבן (אַקושאַרקע), די הויכע מיטל־יאָריקע פרוי מיט אירע שוואַרצע מילדע אויגן, וועלכע האָט אָפּגענומען אַרעמע קינדער אומזיסט, און וואו ס'האָט אויך געוואוינט דער כאַראַשטשער מוהל, דער הויכער איד מיט דער שיטערער גרויע בערדל, וועלכער האָט „גע־שניטן" (זיין אייגענער אויסדרוק) אַרעמע אינגלעך פון די פּיאַסקעס און כאַנאַיקעס — אויך אומזיסט (צוויי גוטע שכנים...).

2) די לאַנגע, עטוואָס קרומע פּיאַסקעס, וועלכע האָט זיך גע־צויגן ביזן דאָרף סלאַבאַדע, און פון וועלכע ס'האָט זיך אין שפּעטער־דיקע יאָרן אויסגעשניטן די אַרגענטינער געסל, און נאָכדעם דעם רבים געסל, מאַלינאָווסקיס געסל און פלאָקערס געסל. אָט־די אַלע „אַרגענטינע געסלעך", ווי מ'האָט זיי דאַן גערופן, האָבן זיך גע־צויגן דורכן ברייטן פעלד, ביז צום וואַלד, פאַרביי די הילצערנע קאַזאַרמעס פון וואָלאַדימירסקן פּאָלק.

3) די „אַנדערע" פּיאַסקעס, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען פון סוראַזער גאַס, האָט זיך געצויגן ביז באָזשיטאַרנע, פאַרביי מעשלס פאַראַוון מיל און די צוויי ווינט־מילן, וועלכע האָבן געהערט צו חנא דעם מילנער און צו מאַדאַם טשעכאָווסקי (באַקאַנט אַלס „ווע־וועכע"), אויפן הויכן באַרג. אָט פון דער דאָזיקער „אַנדערע" פּיאַס־קעס האָט מען געקענט אַריינגיין אין קראַיטשאַקס געסל, אין אַלעק־סאַנדראָוויטשעס געסל און משה ראובנס געסל — און די אַלע געס־

לעך, פאַרבויט פון ביידע זייטן מיט נידעריקע טונקעלע הילצערנע הייזער, זיינען „אַריינגעפאַלן" אין דעם כאַנאַיקעס געגנט. די לעצטע צוויי פיאַסקעסן זיינען, אויף אַ לאַנגע שטרעקע, געווען אָפּגעטיילט פון די דייטשע מאַגילקעס, אָפּגעצאַמט מיט אַ הויכן טונקל־ברוינעם הילצערנעם פּאַרקאַן. און אויף דער לאַנגער פיאַסקעס זייט פון די מאַגילקעס האָט זיך געפונען אַ לאַנגער און ברייטער מאַרק־פּלאַץ, וואו פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך יעדן דאָנערשטאָג אָפּגעשטעלט מיט זייערע וועגענער און פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן און איינגעקויפט פון די יידישע קרעמער זאַלץ, טיי, צוקער, קע־ראָסין, ליכט, קנויטן, לעמפּלעך, אייזן, לעדער און אַנדערע אַרטיק־לען, וואָס זיי האָבן געדאַרפט פאַר זייער אייגענעם געברויך. אויף דעמזעלביקן מאַרק פלעגן יידישע פרויען, זיצנדיק ביי די ביידלעך, פאַרקויפן אידישע ברויטן, ווי „ראָזאוואַנקע", געבייטלטע ברויט, בולקעס, קוכנס, זעמל, בייגל און אויך טאָרט (פרייטאָק פאַרנאַכט).

דורך די קאַלטע חדשים פלעגן די ברויט־פאַרקויפערינס זיצן אויף פייער־טעפּ, כדי ניט דערפרוירן צו ווערן...

אויף דעם ברייטן און לאַנגן מאַרק פלעגן יעדן יאָר, אין יולי, פאָרקומען יאָר־מאַרקס, אָדער יאַרידן. צווישן די אָנגעקומענע פון אַנדערע שטעט און אַנדערע לענדער האָבן זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן די ווענגערן (אונגאַרן), אָנגעטאָן אין זייערע נאַציאָנאַלע פויערשע קאָסטיומען, מיט קאָלירפולע פעדערן אַריינגעשטעקט אין זייערע פּליושענע גרינע קאַפּעלושן. זיי זיינען געווען די ספּעציאַ־ליסטן אין דיסציפּלינירן נאַרעוויסטע פערד — דורך „אָפּעראַציעס"...

## דער צווייטער טאָג שבועות, 1882

אויף דער דערמאָנטער לאַנגער פיאַסקעס, אין מיין מיין מומע צביה קאַפּלאַנסקיס איין־שטאָקיקע טונקל־גרויע הילצערנע הויז, וואָס אויפן ראָג פון מעשלס ברייטע גריבערדיגע גאַס, האָב איך דעם צווייטן טאָג שבועות פון דעם יאָר 1882 דערזען די „ליכטיקע וועלט", ווי דער אויסדרוק גייט.

געדענקען געדענק איך זיך ווען איך בין אַלט געווען אפשר

דריי יאָר. אונדזער פאַמיליע האָט זיך דאַן אַריינגעקליבן אַ צוויי הויפן ווייטער, אין גרעטשקאָס הייזער. אונדזער פּוילישער באַלע־באָס גרעטשקאָ איז געווען איינער פון די זעקס גוי׳אישע „לענד־לאָרדס״, מיט יידישע שכנים, אויף אונדזער גאַס. די אַנדערע זיי־נען געווען: קאַטשינסקי, קאַספּעראָוויטש, מאַלינאָווסקי, געלערט, דזשעווינסקי. זיי האָבן אַלע גערעדט אַ געזונטן יידיש און האָבן זיך געהאַלטן זייער פריינטלעך צו יידן. מ׳האָט זיי אפילו געזען אויף יידישע חתונות און אַנדערע שמחות. עס געדענקט זיך, ווי דער עלטסטער זון פון אונדזער נייעם באַלעבאָס, מאַטשעק, אַ הויכער, געזונטער ברייט־פּלייציקער „שייגעץ״, מיט אַ געדיכטע טשופּרינע שוואַרצע האָר, פלעגט באַגריסן מיין טאַטן מיט „גוט מאָרגן, ר׳ יאָשע!״ און אַן אַנדער שכן אונדזערן, מיט „גוט מאָרגן, ר׳ עליע!״ און סיי מיין טאַטע און סיי ר׳ עליע, אַ ייד אין אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע, פלעגן אָנקוועלן הערנדיק ווי דער „גוי״ רעדט אַרויס דעם „רעב״, בעת די אַנדערע גוי׳אישע שכנים האָבן באַ־נוצט דעם וואָרט „פּאַני״.

## אין אַבאַ׳ס הייזער

עפּעס אַ זעקס מאָנאַטן שפּעטער (זומער צייט איז דאָס געווען) איז אונדזער דירה שוין געווען אין אַבאַ דעם מלמד׳ס הייזער אויף דער זעלבער לאַנגער פּיאַסקעס, פינף הויפן ווייטער, אויף דער צווייטער זייט פון דער גאַס. אַבאַ׳ס הויז איז באַשטאַנען פון זיין לאַנגע טונקל־גרויע הילצערנע איין־שטאָקיקע הויז פאַר דריי שכנים, מיט אַ פאָרהויז אין יעדער דירה. טיפער אין הויף איז געשטאַנען אַ קליינע ווייסע הילצערנע הויז פאַר איין פאַמיליע. און ווייטער — אַן אַלטע ברייטע הילצערנע הויז, וואו ס׳איז געווען אַ וועבעריי מיט זעקס האַנט־שטולן. און הינטער דער דאָזיקער אומעטיק־אויס־זעענדיקן בנין האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער גרינער גאָרטן, פאַרזייט מיט קאַרטאָפליעס, בוראַקעס און אוגערקעס.

פון די פּאָר יאָר, וואָס מיר האָבן געוואוינט אין אַבאַ׳ס הייזער געדענק איך עטלעכע פּאַסירונגען: ליגנדיק איין מאָל אַ פאַרנאַכט דרעמלענדיק אויף דער קאַנאַפּע דערהער איך פּלוצלונג דער מאַ־

מעס געשריי: „ס׳שניידט מיר אין בויך! ס׳שניידט מיר אין בויך!״ עפּענענדיק די אויגן האָב איך דערזען לעבן מיר שטייענדיק אונ־דזער גוטע ליבהאַרציקע שכנ׳טע, שרה, די אמדורערקע, אַ מיטל יאָריקע פרוי, מיט ליבלעכע בלויע אויגן, און זאָגט צו מיר אין דער שטיל: „שלאָף, לייבעלע, שלאָף ווייטער״. קיינער פון די פאַ־מיליע איז ניט געווען אין הויז — ניט דער טאַטע, ניט מיין שוועס־טער, פייגל, און ניט מיין ברודער, הענזל.

דעם צווייטן טאָג, אינדערפרי, האָט מען מיר שוין געוויזן מיין נייע שוועסטערל, חנה׳לע, מיט טונקל־ברוינע אייגעלעך, מיט שוואַרצע הערעלעך. אָבער מער ווי איין וואָך האָב איך איר, ליי־דער, ניט געזען...

אין דער דערמאַנטער קליינע וויס־געפּאַרבטע הויז האָט גע־וואוינט אַ פּוילישע פאַמיליע מיט פיר קליינע קינדער. איינער פון זיי, אַ יינגל, אַנטוש, פון אַ יאָר פיר אָדער פינף, מיט בלאָנדע האָר, בלויע אויגן, אויסגעפילטע רויטע קיילעכדיקע בעקעלעך — אַ „שייגעצל״, אַ פאַרשוין... מיט אים האָב איך געשפּילט באַל (פּילקע) און פאַלאַנט. ווען ער האָט געכאַפּט דעם באַל האָט ער געזאָגט: „יאַ מאַם!״ (איך האָב) און אַזוי האָב איך געזאָגט, ווען די גומענע פּילקע איז אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט.

איין מאָל, אין אַ הייסן נאָכמיטאָג, ווען איך מיט מיין פּוילישן חבר האָבן זיך פאַרשפּילט אין פאַלאַנט, האָט אויסגעבראָכן אַ שרעק־לעכער גוס־רעגן. עס האָט ממש געגאָסן ווי פון צעבערס... אַזוי ווי מ׳האָט אונדז, יידישע קינדער, געלערנט ניט אַריינצוגיין אין גוי׳אישע הייזער, און ניט וועלנדיק אַריינלויפן אין הויז אַ נאַסער, האָב איך מיר פאַרקליבן אין אונדזער שטאַל, ריכטיק אָנטקעגן דער וויסער הויז; זיך איינגעדעקט מיט זעק, און געוואַרט ביז דער רעגן וועט אויפהערן. אַזוי „באַקוועם״ האָב איך זיך געפילט אונ־טער די זעק און באַשיצט פון רעגן, אַז איך בין שיער איינגע־שלאָפן... אָבער גאָר אומדערוואַרטעט האָב איך דערהערט דעם טאַטן שרייענדיק פאַרצווייפלט:

— לייבל! לייבל! וואו ביזטו?

— איך בין דאָ, איך בין דאָ! — האָב איך אים באַרואיקט.

ביידע זיינען מיר אַריין אין הויז דורכגענעצט ביזן ביין...
מיט אַנטושן האָב איך זיך געשפּילט אין זוניקע און טרוקענע טעג; און פון אים האָב איך זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין און ריידן פויליש נאָך איידער איך בין געוואָרן אַ חדר־יינגל.

## אונטערגעהערטע געשפּרעכן

דורך דעם יאָר, וואָס מיר האָבן געוואוינט ביי אַבאַ׳ן איז מיר אויסגעקומען צוצוהערן זיך צו דריי קורצע געשפּרעכן, וועלכע איך קען ניט פאַרגעסן.

ס׳קומט אַריין אין אונדזער דירה אַ יידישער סטאָליער. אַ ייד אין די פערציקער, פון הויכן וואוקס, מיט אַ ברייטע קורצע געלע באָרד, עפּעס צו פאַרריכטן. די מלמד׳קע (שני צירל, האָט זי געהייסן), אין די דרייסיקער, מיט אַ פּאָר שיינע שוואַרצע אויגן, איז אַריינגעקומען זען ווי די אַרבעט גייט־אָן. ווען דער „קאַרפּענ־טער" האָט זיך געזעצט עסן זיין „אָמבייסן" האָט ער אַרויסגענומען פון זיין רעקל־קעשענע אַ העברייאישע ציטונג, אַ רוסישע און אויך ביכלעך און זיי געלייענט עסנדיק. אונדזער באַלעבאָסטע איז דער־שטוינט געוואָרן צו זען ביי אַ באַלמעלאָכע אַזוי פיל לייען־שטאָף.

— צו וואָס דאַרפט איר דאָס? — האָט זי אים געפרעגט, — עס קאָסט דאָך אייך אַזוי פיל געלט!

און דער סטאָליאַר ענטפערט איר געלאַסן:

— אַ טרוקן שטיקל ברויט צו עסן, אָבער ניט־געבילדעט טאָר מען ניט זיין! — און ער האָט איר דערציילט, אַז ער שפּאָרט טאַקע אָפּ פון זיך און האַלט אַ לערער פאַר זיינע קינדער.

(אַזאַ ענטפער פון אַן אַרבעטער אין אָנפאַנג פון די אַכציקער יאָרן פון נייגצנטן יאָרהונדערט איז טאַקע געווען אַ זעלטנהייט. — ל. ה.)

## דער „תענית"

אין אַ וואַרעמדיקן האַרבסטיקן מיטאָג־צייט קומט אַריין צו אונדזער באַלעבאָסטע אַלטער, דער לערער, אַ ייד פון הויכן וואוקס,

מיט אַ העל־ברוינע קורצע בערדל און אין ברילן און פרעגט איר:

— וואָס זאָגט איר, שני־צירל, זאָל איך זיך גיין וואַשן עסן, אָדער אָפּפאַסטן דעם טאָג?

די קלוגע שיינע־צירל האָט אים געהייסן טאָן ווי ער פאַרשטייט, און ר׳ אַלטער האָט זיך טאַקע געוואַשן עסן.

(דער „תענית״, ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז ניט געווען איינער פון די רעגעלע תעניתים, ווי שבעה־עשר בתמוז, אָדער עשרה בטבת און אַנדערע — נאָר אַ ספּעציעלער פאַסט־טאָג, וואָס די רבנים האָבן פּראָקלאַמירט צו דער געלעגנהייט, וואָס דער קיסר אַלעקסאַנדער, דער דריטער, ימח שמו וזכרו, איז בצול געוואָרן, אָבער קראַנק געבליבן, פון אַן אַטענטאַט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף זיין לעבן דעם 17טן אָקטאָבער, 1887, ווען די רוסישע רעוואָלוציאָנערן ,דעמאָלט באַקאַנט אַלס „נאַראָדאָוואָלצעס״) האָבן מיט אַ באָמבע אויפגעריסן די באַן, אין וועלכע ער איז געפאָרן פון פּעטערבורג קיין וואַרשע. מיט דעם טעראָריסטישן אַקט האָבן די רוסישע פרייהייטס־קעמפער געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט אים פאַר זיינע טיראַנישע אַקטן און אָפּשאַפן די רעפאָרמען לטובת די אָרעמע פויערים און פאַר צונעמען אַלע רעכטן פון די יידן און פון די אַנדערע מינאָריטעט־פעלקער, און פאַר אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן אין 1881, אין קיעוו און אין אַרומיקע שטעטלעך. אין אַנדערע ווערטער: יידן האָבן געדאַרפט פאַסטן און תפילה־טאָן פאַר דעם געזונט פון דעם רוסישן טיראַן און פּאָגראָמשטשיק...

(אגב איז ווערט צו באַמערקן, אַז אין דעם אומגעלונגענעם אַטענטאַט אויף דעם לעבן פון ניקאָלאַיס טאַטן האָט זיך באַטייליקט אויך לענינ׳ס עלטערער ברודער, אַלעקסאַנדער. ער איז אויפגעהאַנגען געוואָרן.)

דעם דריטן קורצן געשפּרעך, וואָס איך האָב אונטערגעהערט איז געווען אין אַ וואַרעמען זומער פאַר מיטאָג, אין דער קליינער קרעמל אין אַבאַ דעם מלמד׳ס לאַנגע הויז, אין פראָנט אויף דער פּיאַסקעס גאַס. וואַרטנדיק אויף מיין „נעקסט״, איז אַריינגעקומען אַ הויכע פרוי, מיט שוואַרצע אויגן און אומעטיק געפרעגט דער קרעמערקע (יעקב סאַריעכע האָט מען איר גערופן):

— איר האָט געהערט די נייעס ?

— וואָס פאַר אַ נייעס ?

— אין שיקאַגאָ האָט מען אויפגעהאַנגען פיר מענטשן, — איז געווען דער ענטפער.

אַלס אַ יינגל פון פיר אָדער פיר און אַ האַלב יאָר איז מיר דאַן ניט איינגעפאַלן צו פרעגן, ווער ס'זיינען געווען די פיר מענטשן, און פאַר וואָס מען האָט זיי געהאַנגען. אָבער אין שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין שוין געווען אין אַמעריקע, האָב איך אויסגעפונען, אַז דיר „פיר" זיינען געווען די שיקאַגער מאַרטירער, אַרבעטער-פירער, אויף וועלכע אַרבעטער-שונאים האָבן געמאַכט אַ בלבול, אַז זיי האָבן געוואָרפן אַ באָמבע אויף אַ גרופּע פּאָליסלייט, פון וועלכע אַכט זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרן. אָט-די גרויסע געשעעניש איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער-באַוועגונג, אַלס די „העי מאַרקעט אַפער". (די פרוי, וועלכע האָט געבראַכט די נייס אין דעם קרעמל האָט אָבער אַ טעות געהאַט אין דאַטום. די פיר אַרבעטער מאַרטירער, — אַלבערט פּאַססאָנס, אויגוסט שפּיז, דזשאָרדזש ענגעלס און אַדאָלף פישער — זיינען טאַקע פאַר׳משפט געוואָרן אין זומער, אָבער געהאַנגען האָט מען זיי, ווי באַוואוסט, דעם 11טן נאָוועמבער, 1887.)

## דער „כאָראָשטשער"

ווען מיר האָב זיך אַ האַלב יאָר שפּעטער זיך אַריינגעטראָגן אין דוד פוריע׳ס הייזער, אַ פּאָר הויפן ווייטער, אַנטקעגן אַבאַ׳ס, אויף דערזעלבער גאַס, אין אַ ברייטע הילצערנע הויז מיט דריי אויבערשטיבלעך — בין איך שוין געווען אַלט גענוג צו גיין אין חדר, און מ׳האָט מיך אַוועקגעגעבן לערנען צום כאָראָשטשער דרדקי מלמד, וועלכער האָט געהאַט זיין „שולע" אין אַ קליינע פינצטערע געסל — אַ זייטיקע פון שמואל שמידס ברייטערע גאַס. די דאָזיקע געסל, מיט אירע פינצטערע גרויע הילצערנע איין-שטאָקיקע „פּאַלאַצן" האָט מען גערופן די קנופּס געסל, ווייל אין איינער פון די דאָזיקע הייזער האָט זיך אַ ייד אויפגעהאַנגען און דעריבער — דעם נאָמען „קנופּ".

דעם כאַראַשטשערס חדר איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגע און ברייטערע „שטוב“, מיט אַ פּאָר קאַמערן. אומגעפער דרייסיק אָדער פערציק אינגלעך האָבן זיך „געלערנט“ דעם אַלף־בית (מיר שטעלן אַריין דעם וואָרט „געלערנט“ אין גענדזענע פיסלעך, מחמת דער רבי האָט געשמיסן די תלמידים מער, ווי ער האָט זיי גע־לערנט.) דער „כאַראַשטשער“, אַ שלאַנקער ייד, אין די פערציקער, מיט אַ קורצע געלע בערדל, איז געווען, קאָן מען זאָגן, אַן אכזר. ער האָט דעם קאַנטשיק קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזן פון האַנט. איין מאָל, אַריינקומענדיק אינדערפרי אין חדר האָב איך דערזען אַ מאָדנעם טרויעריקן בילד: אַ פיר, אָדער פינ־יאָריקער אינגל איז געזעסן אויף דער האַרטער באַנק, מיט דער העמד פאַרקאַטשעט הויך איבער די פלייצעס, ביזן האַלדז, מיט די נאַקעטע זיץ־פלייש אַרויס. איבער אים איז געשטאַנען דער מלמד מיטן קאַנטשיק און אים דערלאַנגט יעדן מאָל, ווען דער דערשראָקענער תלמיד האָט ניט געלייענט דעם וואָרט, ווי ער האָט אים געלערנט. דער כאַראַשטשער האָט אָבער שכל געהאַט ניט צו שמייסן באַלעבאַ־טישע קינדער... דער סאַדיסטישער מלמד האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס „פאַסעווען“ און שלאָגן, אַז ער האָט אפילו דערלאַנגט זיין אייגענעם זון, אַלטערן, שוין אַ דערוואַקסענעם בחור, פון איידעלען אויסזען, מיט גאָלדענע ברילן הינטער זיינע גרויע אויגן. פאַרוואָס ער האָט געשלאָגן זיין פיינעם בן־יחיד, האָבן מיר, יינגלעך, נאַ־טירלעך, ניט געוואוסט.

די רביצין, ווידער, אַ יידענע אין די פערציקער, מיט שוואַרצע בייזע אויגן אין איר ברייטן פנים, האָט זיך, ווייזט אויס, פאַרקוקט אויף איר מאַן און געשלאָגן איר טאָכטער, אַ דערוואַקסענע מיידל, וועלכע האָט שטענדיק אויסגעזען ווי צעדולדט, מיט אירע צע־פאַטלטע שוואַרצע האָר, מיט בייזע בליקן...

די כאַראַשטשערקע האָט געהאַט נאָך אַ מיאוסע טבע: זי פלעגט מאַכן פאַר איר אָפּטרעט דעם הויף, ווען די קינדער פלעגן זיך שפּילן אין לויפעניש. די חברה, פאַרטאָן אין יאָגן איינע נאָך די אַנדערע, האָט דאָס מסתמא ניט באַמערקט, אָדער יאָ באַמערקט, אָבער ס'האָט זיי ניט געאַרט. איך האָב זיך גראָד ניט געשפּילט

און האָב עס יאָ באַמערקט, און זי האָט געזען ווי איך קוק...
און דערפאַר האָט זי אויסגעראַטשעט אויף מיר אַ פּאָר בייזע אויגן,
אַז איך האָב זיך טאַקע דערשראָקן...

פון דער גאַנצער אומגעבונג פון כאַראַשטשערס חדר — די
פינצטערע הייזער פון דאָס געסל, מיט שטינקענדיקע רינשטאָקן,
די אומסאַניטאַרע באַדינגונגען אין הויף, דעם רבי׳ס קאַנטשיק,
דער טאַכטערס בייזע בליקן, און דער רביצינס „אידעלע״ באַנע־
מונג — האָט מיך פּשוט געעקלט. און דערצו נאָך איז שלמה, דער
וואַסערטרעגער, אַן עלטערער דאַרער ייד מיט אַ געל־בלייכן פּנים
און קורצע גרויע באָרד איז שטענדיק געזעסן אין פאָרהויז און
פּאָר יעדן איינעם זיך באַקלאָגט, אַז ער קאָן ניט שלאָפן פון די
וואַנצן, וואָס פּייניקן אים און קען ניט פאַנאַנדערטראָגן די וואַסער
אויף די האָשעלעס... עס פלעגט אויך אַריינקומען אין חדר אַ
זייער אָרעם־געקליידעטע שטומאַטשקע, וועלכע פלעגט האַלטן אין
איין שרייען „נאַ, נאַ״ (דעם איינציקן וואָרט, וואָס זי האָט געקאָנט
אַרויסריידן).

קורץ, איך האָב באַשלאָסן ניט מער צו גיין צום כאַראַשטשער.
מיין מאַמע, האָט פּרובירט מיך איבעררעדן, איך זאָל דאָרט גיין
כאָטש ביז דער זמן וועט זיך ענדיקן. אָבער איך האָב ניט גע־
וואָלט.

— ניין, מאַמע, ניין! — האָב איך זיך ביי איר געבעטן, —
איך וויל מער ניט גיין אין דעם חדר! איך וויל ניט!

## אַ תּלמיד ביי אַבאַ דעם מלמד

אַזוי ווי איך האָב שוין געקאָנט זאָגן עברי, מאַכן אַ ברכה,
„המוציא״ און זאָגן „מודה אני״ האָב איך זיך שוין מער ניט גע־
נויטיקט אין אַ דרדקי מלמד, און מ׳האָט מיך אָוועקגעגעבן צו
אַבאַ׳ן, אונדזער געוועזענעם „לענדלאָרד״, וועלכער איז געווען באַ־
קאַנט אַלס אַ גוטער חומש־און תנ״ך־מלמד (תנ״ך האָט מען דאַן
גערופן: „סוואַרבע״).

מיין נייער רבי, אַ ייד אין די הויכע דרייסיקער, פעסט געבויט, מיט אַ געדיכטע ברייטע שוואַרצע באָרד, האָט אָנגעווענדעט אַ מאָדנעם סיסטעם אין „לערנען": ער האָט אומישנע פאַרטייטשט ניט ריכטיק די פסוקים פון חומש און תנ"ך, דערוואַרטנדיק, אַז עמיצער פון די ייִנגלעך וועט אים אויפמערקזאַם מאַכן אויף די טעות'ן. אָבער אַזוי ווי קיינער האָט עס ניט געטאָן, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון שטול און גענומען שלאָגן די תלמידים איבער די קעפּ, שרייענדיק: „פויערשע קעפּ, וואָס איר זייט! איך האָב דאָך אייך פאַרפירט און איר האָט עס גאָרניט געוואוסט!" — און האָט זיי גע'מוסר'ט, אַז זיי „לייגן ניט צו דעם קאָפּ צום לערנען"...

אַבאַ'ס חדר איז געווען אין דערזעלביקער דירה, וואו מיר האָבן געוואוינט: אַ גרויסע לאַנגע שטוב מיט אַ קאַמער, איבערגעצאַמט מיט אַ ווייסן ליילעך. דאָרט האָבן זיך געלערנט אַכט אָדער צען ייִנגלעך. זיין אייגענער זון, יאַנקעלע, אַריינגערעכנט. יאַנקעלע איז געווען אַ שייניקער ייִנגעלע, מיט פוכקע רויטע בעקעלעך, שיינע שוואַרצע אויגן און געבענטשט מיט אַ זייער אָנגענעמע שטימעלע. ער האָט אָבער געהאַט איין שוואַכקייט: ער האָט זייער ליב געהאַט קוכן מיט פּוטער (די באַקאַנטע ביאַליסטאָקער קייַלעכדיקע קוכנס מיט האַרטע אין מיטן, באַשאָטן מיט מאָן). זיין מאַמע, שׂני צירל, האָט אים, ווייזט אויס, ניט געגעבן גענוג פון דעם מאכל אים צופרידנצושטעלן. האָט ער גענומען בעטלען ביי זיין טאַטנס תלמידים, אָבער די לעצטע זיינען ניט געווען גרויסמוטיק און האָבן שוין געוואוסט ווי צו זאָגן: „שלי, שלי" (וואָס מיינס איז מיינס). יאַנקעלע האָט אָבער איגנאָרירט דעם ענטפער, און ער האָט געוואוסט וואו צו געפינען די קוכנס, ווען די תלמידים זיינען געווען „פאַרטיפט" אין לערנען... און דאָ האָבן אויסגעבראָכן סקאַנדאַלן: מ'האָט זיך געזידלט, איבערגערופן און יאַנקעלע האָט געקראָגן דעם צונאָמען „יאַנקעלע קוכן־פּוטער".

דער כעס אָבער האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. מיר האָבן געמאַכט מיט אים „כאַווער־פאַווער" און מיר האָבן זיך מיט אים געשפּילט. ער איז פאָרט געווען אַ שייניקער ייִנגעלע מיט אַ זיסע שטימעלע.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין פאַרלאָזן אַבאַ׳ס חדר, האָט מיט יאַנקעלען געטראָפן אַ סיבה. ער האָט אָנ־געהויבן צו ליידן אויף אַ פוס. מ׳האָט גערופן דר. פּראַגע (אַ גע־וועזענער וואַרשעווער דאָקטאָר, וועלכער פלעגט אַרומפאָרן צו זיינע פּאַ־ציענטן אָנגעטאָן אין זיין גענעראַלסקן מונדיר, אָן די עפּאָלעטן). דר. פּראַגע איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף פוס־קראַנקהייטן. זע־ענדיק אַז דעם יונגן פּאַציענט ווערט ניט בעסער, האָט דער גע־נעראַל־דאָקטאָר פאַראָרדנט צו פאָרן מיט אים קיין וואַרשע. פון וואַרשע איז יאַנקעלע געקומען אויף צוויי גרויסע קוליעס, אָנגעטאָן אין אַ שיינע געקעסטלטע בלוזע, האָט ער אויסגעזען נאָך שע־נער ווי פריער, און האָט זיך געפילט שטאָלץ קעגן אונדז ייִנגלעך. מיר האָבן אים „מקנא״ געווען, וואָס ער גייט אויף קוליעס... ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און יאַנקעלעס לאַגע איז געוואָרן ער־גער. ער איז אָפט אַריינגעפאַלן אין קאָנוואולסיעס, אין חלשות פון די שרעקלעכע ווייטאָקן. דאַן האָט דערזעלבער דאָקטאָר פּראַגע געראַטן צו פאָרן מיט אים קיין קעניגסבערג, דייטשלאַנד, אפשר, האָט ער געזאָגט, וועלן די דאָקטוירים דאָרט קאָנען אים העלפן. אָבער יאַנקעלע איז שוין פון קעניגסבערג, ליידער, צוריק ניט געקומען...

## מרדכי גימפּל

ס׳איז געווען אַ מנהג אַזאַ ביי עלטערן ניט צו האַלטן אַ קינד ביי דעם זעלבן מלמד, אין זעלבן חדר, מער ווי צוויי זמנים. בין איך פון אַבאַן אַוועקן צו אַן אַנדער רבין מיטן נאָמען מרדכי גימפּל. זיין חדר האָט ער געהאַט אין אַ לאַנגע הילצערנע טונקעלע הויז אויף דער געדיכט־באַזעצטער ישיבה־געסל, וואָס האָט זיך געצויגן באַרג־אַראָפּ פון דעם אַלטן בית־עלמין געסל ביז דער ברייטער חיי־אָדם גאַס. מיין נייער רבי, אַ איד אין דער ערשטע פערציקער, פון מיטלוואוקס, מיט אַ קורצע רויטע בערדל, מיט אַ פּנים פון אַן אומשולדיקע לעמעלע — איז ניט געווען קיין כעסן; ער האָט

קיינמאָל ניט געהאַלטן קיין קאַנטשיק אין האַנט און ניט געזידלט די תלמידים אָנרופנדיק זיי „פויערשע קעפּ!“...

דער חדר, וואָס איז אויך געווען זיין דירה, איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגע ברייטע שטוב מיט דריי פענצטער, וואָס האָבן אַרויסגע־קוקט אויפן הויף (און ס'איז שוין איין מאָל געווען אַ „הויף“!). דער שלאָף־צימער, אין דער זעלבער שטוב, איז געווען „איבער־געצאַמט“ מיט אַ לאַנגן ווייסן ליילעך ביז דער ערד. אין בעט איז געלעגן אַ קאַליקער דריי־יאָריקער אינגעלע מיט טונקל־ברוינע אויגן, וואָס האָט ניט גערעדט און ניט געקענט זיך שטעלן אויף די פיסלעך. יוספ'קע האָט מען אים גערופן. ער איז געלעגן און געקוקט מיט זיינע אויגעלעך אַהין און אַהער, אָבער ניט גערעדט און ניט געלאַכט — אַ שרעקלעכע בילד פון אַן אומגליקלעכן אינ־געלע! די מלמד'קע, אַ הויכע מיט שוואַרצע אויגן, האָט געשוואַנ־גערט־הויך, און מיר, אינגלעך, האָבן איר „באַשולדיקט“, אַז זי האָט צופיל געגעסן און געבראַכט אויף זיך גרויסע צרות...

דער טיש — דעם רבי'נס טיש — האָט זיך געצויגן לענג־אויס, כמעט פון דער אַריינגאַנגס־טיר ביז די פענצטער. צוויי כיתות („קיטעס“) זיינען געזעסן ביים טיש: די אינגערע — פון זעקס ביז ניין יאָר אַלט — זיינען געזעסן אויבן־אָן, לעבן רבין, און געלערנט עברי און אָנפאַנג חומש; און די צווייטע, לעבן דער טיר, — פּאַר גמרא־בחורים. איך, אַ אינגל פון זעקס יאָר, בין שוין געוואָרן אַ גמרא־בחור... די ערשטע מסיכתא, וואָס ער האָט אונז געלערנט איז געווען, געדענק איך, „המניח את הכד ברשות הרבים“. די „בחורים“ האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם ענין, האָבן זיי די „טעמע“ אויסגענוצט פאַר אַ שפּיל. אַרויסגייענדיק פון חדר האָט איינער פון אונז זיך אַוועקגעלייגט אין מיטן גאַס פון דער ישיבה־געסל — אַלס דער קרוג און מיר זיינען צוגעקומען צו אים, אַ שטויס געטאָן. דער אינגל האָט זיך געמאַכט שרייענדיק, אָבער מיר האָבן אים, אין שפּאַס, געפרעגט: צי וואָס האָסטו דאָס געטאָן? ווער האָט דיך געהייסן? ווער האָט דיך געבעטן? אָבער דער „קרוג“ האָט ניט געענטפערט. ער האָט געלאַכט...

איינזעענדיק, אַז מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרשטיין דעם שווערן

עניַן פון דעם „המניח", האָט דער רבי גענומען אונז לערנען העב־רייאיש. פאַר דעם צוועק האָט ער אונז געבעטן צו קויפן די העב־רייאישע גראַמאַטיק און טעקסט־ביכל „מסילת ישרים" פון אברהם מאַפּו. קיין סך האָבן מיר פון דעם ביכל ניט געלערנט, אָבער אַלענ־פאַלס מער ווי פון דער גמרא „המניח". אַ ציכטיקער און שיין־געקליידעטער יונגערמאַן, אַ לערער, איז אַריינגעקומען און האָט אונדז געלערנט ווי צו האַלטן אַ פעדער אין האַנט און אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצע צייט האָבן מיר שוין געקאָנט שרייבן אַן „אַנטוואָר" (אָנשטאָט אַנטוואָרטס — אַ בריוו). עס האָט אויס־געזען, אַז מיר'ן אויסוואַקסן „געבילדעטע בחורים".

אָבער די אַטמאָספערע אין חדר איז געווען דערדריקנד. דעם רבי'נס האַלב־הונגעריקע קינדער האָבן שטענדיק געבעטלט פון די תלמידים אַ חלק פון די בולקעס מיט פּוטער אָדער ברויט מיט שטאָלץ, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דער היים, און דאָס האָט פאַראורזאַכט אומענדלעכע קריגערייען אין חדר.

אַ בילד פון אָרעמקייט ביי די אַמאָליקע מלמדים האָב איך איין מאָל צוגעזען טאַקע אין מרדכי גימפּלס חדר: איין מאָל, אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן פרימאָרגן האָט דעם מלמד'ס עלטסטער זון, זוסמאַן, אַ צען־יאָריקער בחור'ל, מיט אַ פּאָר לעבעדיקע שוואַרצע אויגן און גראָד ציכטיק אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם אויבערראָק, אַרויפ־געבראַכט אַ גרויסן לאַבן שוואַרץ־ברויט און דערלאַנגט עס דעם טאַטן אויבן־אָן. ווען דער טאַטע האָט גענומען שניידן דעם ברויט, זיינען צוגעלאָפן דריי אינגערע קינדער און געפּאָדערט בלויז די האַרטע — פון אויבן, די ברוינע. דער טאַטע האָט זיי געמוזט געבן. און די ווייכע האָט ער דערלאַנגט דעם זון. ער האָט פּראָטעסטירט. ער האָט געוואָלט ביידע, די האַרטע מיט די ווייכע צוזאַמען. ער האָט עס אָבער ניט געקראָגן, און אַ קריג צווישן טאַטן און זון האָט אויסגעבראָכן. דער זון האָט זיך אָבער אונטערגעגעבן. און האַלטנ־דיק די שטיק שוואַרצע „ראַזוואַנקע", און אונטערבורטשענדיק, „בלויז די ווייכע, בלויז די ווייכע!" איז ער שנעל אַרויסגעלאָפן פון הויז אין זיין חדר (ביי מלמדים איז געווען אַ מנהג אַזאַ, ניט צו לערנען מיט אייגענע קינדער).

# חנא דער ליץ

אין דער דאָזיקער אָנגעצויגענער אַטמאָספערע אין חדר האָט אָבער אויך ניט געפעלט אַביסל שפּאַס. צווישן די איבער צוואַנציק אינגלעך האָבן זיך געפונען פיר, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי בר־מצווה בחורים. ער האָט זיי גערופן די „פיר גרויסע גוים". וואָס זיי האָבן געטאָן אין חדר האָט מען ניט געוואוסט. מ'האָט זיי ניט געזען לערנענדיק. זיי זיינען געזעסן ביים עק טיש לעבן דער טיר און געשמועסט. הפנים, זייערע עלטערן האָבן זיי געהאַלטן אין חדר כדי זיי זאָלן זיך ניט אַרומשלייען איבער די גאַסן און קאָ־נען נאָך, חלילה, אַוועקגיין אויפן שלעכטן וועג... צווישן אָט־די „פיר" איז געווען אַ תלמיד מיטן נאָמען חנא, אַ בחורל מיט אַ חזני'שע שטימע, מיט גרויע אויגן אין זיין רויטן פנים, מיט אַ פּליאַ־טשיקן נאָז. אָט־דער חנא האָט שרעקלעך מורא געהאַט פאַר שדים, אַזוי האָט ער געזאָגט. און ווען דער רבי (ווען ער האָט גערופן „קאַיאָם") האָט אים איין מאָל אַן אָוונט געבעטן אַרונטערגיין אין קראָם עפּעס קויפן, האָט ער ניט געוואָלט גיין, אויס מורא פאַרן טייוול.

— רבי, — האָט ער זיך געבעטן, — טאָמער כאַפּט מיך אַ שד?

און אַ צווייטן מאָל, ווען דער מלמד האָט אים געבעטן אָפּ־פירן אַ קליינעם אינגל אַהיים אין אָוונט, האָט חנא ווידער ניט גע־וואָלטן און ווידער געפרעגט:

— רבי, טאָמער כאַפּט מיך אַ שד?

אַ סך פון די אינגלעך האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, אָבער ניט חנא. ער האָט געמאַכט אַן ערנסטע מינע, פּונקט ווי ער וואָלט עס געגלויבט אין דעם — טאַקע ווי אַן אמת'ער אַקטיאָר... מרדכי גימפּל האָט אויך ניט געלאַכט, אפילו ניט געשמייכלט. מ'האָט אים קיינמאָל ניט געזען שמייכלענדיק. (אַ יאָר צען שפּעטער, ווען איך האָב אָנגעטראָפן חנאָ'ן אין גאַס, איז ער שוין געווען אַ גרויסער בחור. ער איז שוין געווען אין אַמעריקע, גערעדט ענגליש, און די ערשטע פראַגע זיינע איז געווען: „וואָס מאַכט עפּעס אונזער געוועזענער „קאַיאָם"? פון וואַנעט ער האָט גענומען דעם וואָרט

„קאַיאַם" האָב איך דאַן ניט געוואוסט און ווייס נאָך עד היום ניט...).

## דער „רוטקער"

מער ווי איין ווינטערדיקן זמן האָב איך ביי מרדכי גימפּלע'ן ניט געלערנט. מיין טאַטע האָט געוואוסט (כאָטש ער אַליין האָט דעם חדר ניט געזען), אַז דער מלמד האָט אַ צו גרויסן חדר — צוואַנציק אינגלעך און דאָס איז געווען צו־פיל פאַר אַ מלמד, ער זאָל קענען געבן יעדן תלמיד די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. און אויסער דעם, זיינען די אומסאַניטאַרע באַדינגונגען אין הויף גע־ווען פּשוט הימל־שרייענד... דער געוועזענער רבי מיינער איז גע־קומען צו אונז חול המועד פּסח, זיך געבעטן רחמים ביי מיין טאַטן, ער זאָל מיך שיקן צו אים כאָטש נאָך אַ זמן; ער האָט געוויינט און געקלאָגט, אַז ער איז אַ מחוסר לחם, אַז זיין קראַנקע קינד איז געשטאָרבן, און דערציילט פון אַנדערע צרות, אָבער ס'האָט אים גאָרניט געהאָלפן. מיין טאַטע האָט זיין באַשלוס ניט געוואָלט ענ־דערן. און איך האָב געקראָגן אַ נייעם רבי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס דער „רוטקער", ווייל ער האָט געשטאַמט פון דעם קליין שטעטל רוטקע, לאָמזער גובערניע.

מיין נייער „לערער" האָט געהאַט זיין חדר אין אַ שמאָלע פינצטערע געסל, לינקס פון מאָטל וואַרסער־פירער'ס גאַס, אין אַ הילצערנע ווייסע הויז מיט אויבערשטיבלעך. דער חדר איז אָבער ניט געווען אין די געוויינלעכע אויבערשטיבלעך מיט פּאַמוגעס, נאָר אין אַ פיר־עקיגע שטיבל אויבן, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון דער הויז, קרום, אונטערגעשפּאַרט פון צוויי לאַנגע פאַרזשאַ־ווערטע פיר־עקיגע אייזערנע שטאַנגען.

דער „רוטקער", אַ איד אין די דרייסיקער, מיט זיין הויכן וואוקס און מיט זיין קורצע בלאָנדע בערדל, איז געווען ענלעך צו דעם כאָראָשטשער, און ניט נאָר אין אויסזען, נאָר אויך אין באַ־נעמען זיך מיט די תלמידים. גאַנץ אָפט האָט מען פון אים געקענט הערן דעם אויסרוף „פּויערישע קעפּ, וואָס איר זייט!" ווי דער כאָראָשטשער, האָט ער אויך שכל געהאַט ניט צו שרייען אויף די

באַלעבאַטישע קינדער, צווישן וועלכע ס׳האָב זיך געפונען פּרץ אַמסטערדאַמסקי און אייזיק לעווינסקי — די היינטיקע פּעטער אַמ־סטערדאַם, אַ כעמיסט, און א. וו. לעווין, אַן אַרכיטעקט. ביידע וואוינען שוין איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט אין פילאַדעלפיע.

אַ ווייב האָט מיין נייער מלמד געהאַט, וואָס קען ניט באַצייכנט ווערן אַלס אַ „קראַסאַוויצע״ — אַ קיילעכדיקע אידענע, מיט אַ פּאָר פאַראומערטע גרויע אויגן אין איר ברייטן פּנים. זי האָט שטענדיק געטראָגן אַ ווייסע „הייבעלע״. זי איז אָבער ניט גע־ווען קיין שלאַק. זי האָט קיין מאָל ניט געשלאָגן איר טאָכטער, אַ פּופּצן יאָריקע מיידל, און זי האָט אויך ניט געהאַט די „מעלות״ פון דער כאַראָשטשערקע...

דער רוטקער האָט אויך געהאַט אַ צען־יאָריקן אינגל, שמואל׳קע, מיט אַ גרויסן קאָפּ, מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן אין זיין בלאַסן פּנים. שמואלקע האָט אויך געהאַט די שוואַכקייט פון בעטלען ביי זיין טאַטנס תלמידים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, אַ גריבעניע אָדער אַ „זופּ קוואַס״. ווען אַ אינגל האָט ניט געוואָלט זיך טיילן מיט אים די מאכלים וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים, און ווען ער האָט געבעטן נאָך אַמאָל האָט דער קאַרגער אינגל אים אָוועקגעטריבן מיט: „אַוועק פון דאַנען, דו בלאַסע קו!״...

צוויי זמנים האָב איך געלערנט ביי מיין דריטן מלמד. ער האָט זיך „קאָנצענטרירט״ אויף חומש און תנ״ך. געלערנט ירמיהו, איוב, משלי, שמואל א׳ און שמואל ב׳, מלכים א׳ און מלכים ב׳; גע־לערנט מיט אונז שיר השירים, קהלת, מגילת רות, מגילת אסתר, פּרק און אַנדערע ענינים. ער האָט זיך באַרימט, אַז זיינע תלמידים זיינען „קלאָר״ אין די לימודים, וואָס ער האָט אונז געלערנט. אָבער דאָס איז געווען בלויז באַרימעריי — מלמדישע באַרימעריי, אויב איר ווילט — ווייל ניט איך און ניט די אַנדערע אינגלעך זיינען שפּעטער געוואָרן „עקספּערטן״ אין ביבלישע ענינים...

## דער „ווישאָנקער״

אַרויסקומענדיק פון דעם „רוטקער״ בין איך שוין אַלט געווען גענוג — ניין יאָר — צו ווערן אַ גמרא־בחור... און מ׳האָט מיך

אַוועקגעגעבן צו אַ מלמד, וועלכער איז געווען באַקאַנט צווישן מלמדים אַלס דער „ווישאָנקער", ווייל ער איז געקומען פון דעם קליין שטעטל ווישאָנק, לאָמזער גובערניע.

מיין נייער רבי, אין די צוואַנציקער, פון הויכן וואוקס, פעסט געבויט, מיט גרויסע שוואַרצע פּאַר׳חלומ׳טע אויגן, איז געווען אַ גמרא־מלמד אין פולן זינען פון וואָרט. ער האָט מיט אונז גע־לערנט בלויז גמרא — ניט קיין אַנדערע לימודים. ער האָט אָנ־געפאַנגען מיט דער מסיכתא „גיטן". צי מיר, ניין־יאָריקע אינג־לעך, האָבן עפּעס געלערנט פון ענין „המביא גט ממדינת מעבר לים" — ווייס איך ניט. אָבער דער רבי האָט „געטרייעט זיין בעסט" (צו באַנוצן אַן אידישיזירטן ענגלישן אויסדרוק). אַריינקלאַפּן אין אונזערע יונגע קעפּלעך די דינים, ווי אַזוי אַ איד דאַרף אָפּ׳גט׳ן אַ ווייב און ווען אַ גט איז פּסול און ווען ניט פּסול — דאָס הייסט, כשר. . .

זיינע פּאַר׳חלומ׳טע שוואַרצע אויגן האָבן געוויזן, אַז ער ליידט פון פּאַרדרוס, וואָס די תלמידים האָבן „שווערע קעפּ" און פאַר־שטייען ניט דעם פּשט פון די תנאים. אָבער ער האָט געליטן פון אַ צווייטן פּאַרדרוס: ער איז אין כעס געווען אויף זיין שווער, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט נדן און ניט געגעבן. מיין פּערטער רבי איז געווען איינער פון די אָפּגענאַרטע חתנים, וועגן וועלכע מ׳פלעגט זינגען:

„אָט אַזוי און אָט אַזוי נאַרט מען אָפּ אַ חתן;
מ׳זאָגט אים צו אַ טך נדן און מ׳גיט אים ניט קיין גראָשן".

אמת, זיין שווער, אַ גערער חסיד, פון הויכן וואוקס, מיט אַ לאַנגע געלע באָרד, שטענדיק אַנגעטאָן אין אַן אָפּגעקראָכענע קאַ־פּאָטע, האָט זיין איידעם געגעבן אַ שיינע ווייב — אַ יפת־תואר, קען מען זאָגן — אָבער קיינע מזומנים (ווייל ער האָט נעבעך ניט געהאַט). ער, מיין רבי, האָט געהאָפּט, האָבן שכנים געוואוסט, אַז מיט צוגעזאָגטע כסף וועט ער קאָנען עפענען אַ קרעמל און ניט דאַרפן קנעלן. אָבער זיינע האָפענונגען זיינען ניט מקוים געוואָרן. . .

זיין חדר האָט דער ווישאָנקער געהאַט אין אַן אויבערשטיבל,

מיט פּאַמוגעס און מיט איין פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף דער רווישיקער סוראזער גאַס, אין דער יורש׳טעס הייזער. די דירה איז באַשטאַנען פון איין לאַנגן צימער. דער „שלאָף־צימער״ איז געווען איבערגעצאַמט מיט אַ ווייסן ליילאַך, ווי ביי מרדכי גימפּ־לען — כמעט ביז דער פּאַדלאָגע. אין דעם דאָזיקן „קאַמער״ האָט די יונגע רביצין פאַרבראַכט מיט איר ניי־געבוירענער מיידעלע, וועלכע פלעגט גאַנץ אָפט „לאָזן פון זיך הערן״. אָבער אונז, תלמידים, האָבן אירע געשרייען ניט געאַרט; פאַרקערט, אירע געשרייען האָבן אַריינגעבראַכט אַביסל פריילעכקייט אין דער אָנגעצויגענער שטי־מונג אין חדר....

## די כאָלערא אין ביאַליסטאָק אין 1891. — איך ווער שיער דערטרונקען

דורך דעם זומער, וואָס איך האָב געלערנט ביי דעםווישאָנקער גמרא־מלמד — דאָס איז געווען, ווי איך האָב קיין טעות ניט, אין דעם יאָר 1891 — האָט אין ביאַליסטאָק אויסגעבראָכן די כאָלערא־מגפה (דאָס איז געווען די צווייטע; די ערשטע האָט אויסגעבראָכן מיט צוואַנציק יאָר פריער). אין שטאָט האָט געהערשט אַ שרעק־לעכע בהלה. אַ סך מענטשן זיינען קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן פון דער חולאת. די וואָס האָבן געהאַט די מינדעסטע מעגלעכקייט זיינען אַנטלאָפן פון שטאָט. אין די חדרים אָבער האָט מען גע־לערנט. געטראָפן האָט די כאָלערא־עפּידעמיע מייסטנס די אָרעמע באַפעלקערונג אין די שמאָלע געסלעך אַרום דעם שול־הויף) און אַרום סוראַזער גאַס. די פּאָליציי האָט באַפוילן די באַלעבאַטים אין די דאָזיקע געסלעך צו קאַלכן די רינשטאָקן אַלס אַ מיטל קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון דער עפּידעמיע.

איין מאָל, אין אַ זייער הייסן טאָג האָט אונזער רבי באַשלאָסן צו גיין מיט אונז אין וואַלד לערנען. דער מלמד, ווי זיין שווער, אַ געררער חסיד, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע, אין אַ טוכענע היטל מיט אַ קאָזירעק, האָט אונז, תלמידים, מיט די גמרא׳ס אונטער פּאַכווע, געפירט צום וואַלד, פאַרביי אַ צאָל שמאָלע

און ברייטערע גאַסן, דורכשניידנדיק סענדער מירטשעס און אַנדערע גאַסן, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו מלכה דער שיינקערקע׳ס ברייטע גאַס, ריכטיק ביים ברעג פונם וואַלד. דער אָנהויב פון וואַלד האָט פאַרמאָגט צוויי נידעריקע בערג און צווישן די דאָזיקע בערג האָט זיך געפונען אַ לאַנגער געשלענגלטער טייך צו באָדן זיך. אָט דער דאָזיקער טייך איז געווען באַקאַנט אַלס דער „אַנ־דערער טייך" (דער ערשטער איז געווען עליע ציטריניק׳ס סאזשעלקע אויף די פּיאַסקעס).

## איך ווער שיער דערטרונקען

אזוי גיך ווי מיר זיינען צוגעקומען צום וואַסער, האָט זיך מיר פאַרוואָלט ווייזן מיינע חברים, אַז איך בין אַ גוטער שווימער. און איך האָב באַשלאָסן אַריבערצושווימען די גאַנצע ברייט פון טייך. צושווימענדיק צום מיטן האָב איך אויסגעפונען, אַז דער אַנדערער טייך איז אַ סך טיפער ווי דער ערשטער, און ס׳איז מיר אויסגעגאַנגען די קרעפטן צו שווימען ווייטער. כ׳האָב גענומען טאַפּן מיט איין פוס אויסצוגעפינען צי איך האָב שוין דערטאַפּט באָדן, כדי צו קענען זיך אַוועקשטעלן אָפּרוען, אָבער ניט דער־טאַפּט. אָנשטאָט באָדן האָב איך דערטאַפּט מער וואַסער, און איך האָב גענומען זינקען... ביז איבערן קאָפּ. אויפגעהויבן זיך פון וואַסער, אויסגעשפּיגן די געזאַלצענע וואַסער און ווידער גענומען שווימען און ווידער געטאַפּט מיט די פיס, זוכנדיק באָדן, אָבער ווידער ניט דערטאַפּט, און ווידער גענומען זינקען, דער וואַסער ווידער אין מויל. ס׳איז געווען ווי דער פּסוק זאָגט: „כי באו מים עד נפש". אָבער ווי דורך אַ נס, האָב איך באַוויזן צוצושווימען אַ צען טריט לעבן ברעג, וואו דער וואַסער איז ניט געווען טיף און איך האָב זיך געקענט שטעלן אויף די פיס. איין האָר האָט געפעלט, און די שורות וואָלטן ניט געשריבן געוואָרן... איך וואָלט געוואָרן אַ קרבן פון מיין אינגלשער נאַרישע געוואַגטקייט.

ניט טויט, ניט לעבעדיק, בין איך אַנידערגעפאַלן אויפן גרינעם בערגל לעבן טייך און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. בלייך בין איך גע־ווען ווי ווייסע פּאַפּיר (אַזוי האָט מען מיר דאַן געזאָגט). דער רבי

מיט די אַנדערע תלמידים זיינען געזעסן אַביסל ווייטער פון טייך און האָבן אויף מיר געוואַרט. די גאַנצע שיער־שיער פאַרגעקומענע טראַגעדיע האָט געדויערט בלויז פינף מינוט. זעענדיק, אַז איך בין נאָך ניטאָ צווישן די אַנדערע תלמידים איז ער צוצוגעקומען צו מיר. און איך האָב אים דערציילט פון מיין סכנה אין וועלכע איך האָב זיך נאָר־וואָס געפונען. ער האָט געבענטשט מיט מיר גומל...

מער זיינען מיר שוין אין וואַלד ניט געגאַנגען. אין שפּעטער־דיקע יאָרן, ווען מיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגיין דעם „אַנדערן טייך", האָב איך מיט שרעק געקוקט אויף דעם טייל פון וואַסער, וואו איך האָב שיער־שיער פאַרלאָרן מיין יונגן לעבן...

## די אומזיסטיקע קיך און אַ פּאַליאַטשקע ווערט אַ אידישע טאָכטער

אין משך פון די פּאָר חדשים, וואָס די פאַרשאָלטענע כאָלעראַ האָט געבושעוועט אין ביאַליסטאָק, האָב איך, אויסער מיין אייגע־נער „דערפאַרונג" אין אַריבערשווימען דעם טייך, אויך בייגעוואוינט אַ מאָדנעם אינצידענט, אויב מ'קען דאָס אַזוי אָנרופן: יענעם זו־מער, ווי אין אַלע זומערס, קומען אָן אויף וואַקאַציע אין שטאָט אידישע אוניווערסיטעט־סטודענטן — די צוקונפטיקע דאָקטוירים, יוריסטן, אינדזשענערן, כעמיקער, דאַנטיסטן און אַנדערע פּראָפע־סיאָנאַלן. אָט־די גרופּע האָט באַשלאָסן אויף ווי ווייט מעגלעך צו פאַרלייכטערן די ביטערע לאַגע פון די געליטענע פון דער מגפה. זיי האָבן פאַראינטערעסירט די גבירים פון שטאָט צו עפענען אַן אומזיסטיקע קיך, וואו אידישע און ניט־אידישע אָרעמע מענטשן וועלן קאָנען קריגן כאָטש איין מאָל אַ טאָג אַ זאַטן און געזונטן מאָלצייט אָפּצועסן, כדי צו קאָנען צוריקשלאָגן די אַטאַקעס פון דעם געפערלעכן כאָלעראַ־באַציל.

די פרייע קיך האָבן זיי געעפנט אין אַ געסל דירעקט אַנטקעגן דער גרויסער שול (לײדער, געדענק איך ניט ד'עם נאָמען פון דער געסל). איך געדענק נאָר, אַז די גאַס איז פון ביידע גלייכע זייטן

געוועזן פֿאַרבויט מיט איין און צוויי־שטאָקיגע טונקעלע הילצערנע הייזער און אַ פּאָר רויטע מויערלעך. אין אַן אָפּענעם פענצטער פון איינעם פון די דאָזיקע ציגלנע געביידעס זיינען געזעסן צוויי סטו־דענטן אין זייערע אוניפאָרמס און געטיילט צעטעלעך, דאָס הייסט, בילעטן אַריינצוגיין אין דעם גרויסן עס־זאַל איבערן וועג. איך בין געווען פאַראינטערעסירט צו זען ווי די פּרייע קיך „אַרבעט". האָב איך מיטגענומען מיין חדר־חבר, יודל פינקעלשטיין, וועלוול דעם וואָפּניק׳ס זון, און ביידע זיינען מיר אַוועק מיטאָג־צייט צו זען, ווי די הונגעריקע עסן. מיר זיינען ניט צוגעגאַנגען צום פענצ־טער צו קריגן קוויטלעך, נאָר גלייך צום גרויסן ליכטיקן זאַל, ווייל מיר האָבן ניט געהאַט בדעה צו עסן. מיר האָבן געגעסן אינדער־היים. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער טיר האָט איינער פון די גבאים, אַ שלאַנקער איד מיט אַ קורצע שוואַרצע בערד, אונז פאַרבעטן אַריינצוגיין אין זאַל און עסן צוזאַמען מיט די הונגע־ריקע מענער און פרויען און קינדער. מיר האָבן זיך געקווענקלט. עס פּאַסט ניט פאַר באַלעבאַטישע קינדער, האָבן מיר געטראַכט, אַוועקצוזעצן זיך עסן מיט דער אָרעמשאַפט. אָבער דער גוטמוטי־קער גבאי האָט אונדז פשוט אַריינגעשלעפּט... און מיר האָבן גע־מוזט מיטעסן...

אין דעם גרויסן צימער האָבן זיך געפונען אַ צוויי הונדערט מענטשן. די יולי זון האָט זייער ליכטיק אַריינגעשיינט אין דער גע־ביידע פון דריי זייטן, און ס׳האָט דאָרטן געהערשט אַ חתונה־שטי־מונג... דער מאָלצייט איז באַשטאַנען פון אַ שיסל גרויפּן־זופּ מיט אַריינגעבראָקטע שטיקלעך פלייש, און אויך, פאַרשטייט זיך, ברויט און טיי. ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דעם, וואָס מען רופט ביי אונז אין אַמעריקע, „ביף סטיו", איז פאַרגעקומען אַזאַ מאָדנע פאַסירונג, וואָס האָט ממש דערשטוינט אַלע אַנוועזנדיקע: פון דער אַנטקעגנדיקער באַנק, כמעט אַנטקעגן אונדז שטעלט זיך אויף אַ מיטליאָריקע פרוי, מיט טונקל־ברוינע מילדע אויגן, און שרייט־אויס (אין אידיש):

— אידן! איך בין אַ קאַטוילישע פּאָליאַטשקע. איצט וויל איך ווערן אַ אידישע טאָכטער. — זי האָט זיך אַ רגע אָפּגערוט און פאַר־

געזעצט: — זעט באַר, זעט, וואָס אידן טוען פאַר זייערע און אונ־זערע ליידנדע ברידער. טוען דאָס אַזוי מיינע קריסטן? געוויס ניט!

ווען דער זאַטער עולם האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערצוגיין, איז צו דער אידיש־ריידנדיקער פּוילישער פרוי צוגעקומען די צוויי גבאים און פּרובירט, ווי דער דין איז, אָפּריידן איר פון בייטן איר רעליגיע. אָבער זי איז באַשטאַנען אויף איר פאַרלאַנג. און דעם צווייטן טאָג האָט מען איר געפירט צו ר' חיים־הערצ'ן.

אַרויסגייענדיק פונעם גרויסן זאַל האָב איך געהערט, ווי איין פּאַליאַק, אַ מיטליאַריקער, מיט בלויע אויגן, זאָגט דעם צווייטן: „יאַק אָנאַ כצע ביטש זשידאָווקאָ, טאָ ניעך אָנאַ בענדזשע" (אַזוי ווי זי וויל ווערן אַ אידישע, טאָ זאָל זי ווערן).

## מיינע מעטריקעס און דער „קאָרעליצער"

סוף זומער, אַ פּאָר וואָכן פאַר די ימים־נוראים — האָט די כאָלעראַ־עפּידעמיע אַביסל אָפּגעלאָזן און מ'האָט שוין מער ניט געהערט פון טויטן־פאַלן פון דער שרעקלעכער קראַנקהייט. דער שטאָטישער דאָקטאָר האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו דער באַפעל־קערונג ניט צו עסן קיין אוגערקעס, און אויפן צווייטן טאָג האָט מען געזען אויף די הויפן גאַנצע בערגלעך פון דעם פאַרבאָטענעם מאַכל.

נאָך סוכות בין איך שוין צום „וויזשאַנקער" ניט געגאַנגען. „ער האָט שוין געהאַט געענוג „חדר", האָט דער טאַטע געזאָגט. מיין ניט־פרומער טאַטע (ער איז געווען אַזוי פרום, אַז ווען דער שבת־גוי איז אַמאָל ניט געקומען איינהייצן דעם אויוון און מאַכן דעם סאַ־מאָוואַר, איז ער אַליין געוואָרן דער „שבת־גוי"...) האָט איינגעט־טענה'ט מיט מיין שטרענג־פרומער מאַמען (אַ טאָכטער פון אַ קאָצ־קער חסיד פון קרינעק), אַז איך האָב שוין געהאַט גענוג אידישקייט.

— צו וואָס דאַרף ער דעם חדר? — האָט ער אַרגומענטירט מיט דער מאַמען, — ער קאָן שוין גוט עברי, מעביר סדרה זיין, זאָגן מפטיר מיט דער הפטורה, מאַכן קידוש — טאָ וואָס נאָך דאַרף ער? ער וועט שוין קיין רב ניט ווערן, און איך וויל ניט, אַז ער

זאָל זיין אַ רב. מיר האָבן שוין גענוג „זיידענע קבצנים“ אין דער משפּחה.

מיין גאָטס־פּאָרכטיקע מאַמע, וועלכע פלעגט פאַסטן יעדן דאָ־נערשטאָג, האָט זיך אָבער געשראָקן, אַז אויב איך וועל אויפהערן צו גיין אין חדר און אַריינגיין אין דער שולע וועל איך דאַרפן זיצן אָן אַ היטל און, חלילה, נאָך עסן אָן געוואַשן און אָן מאַכן המוציא... און זי האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן מיך אַרויס־נעמען פון חדר. אָבער דער טאַטע האָט אויסגעפירט און האָט באַשלאָסן מיך אַריינצוגעבן אין יאָפּעס שולע — אין דער „יעווי־רעיסקאָיע נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע“, פון וועלכע איליאַ דאַווי־דאָוויטש יאָפּע, אַ ווילנער אַסימילירטער איד, איז געווען דער „זאַ־וויעדיוואַיושטי“ (פאַרוואַלטער). און דעריבער איז דער איינציקער קאַזיאָנער לערן־אַנשטאַלט אין שטאָט פאַר אידן געווען באַקאַנט אַלס „יאָפּעס שולע“, און יעדער שילער פון דער שולע — אַ „יאָפּיסט“.

אין אַ חול־המועד׳יקן פרימאָרגן בין איך מיט מיין פאָטער, וועלכער האָט גערעדט רוסיש, אַוועק אין דער „אופּראַווע“ (שטאָט־מאַגיסטראַט) און אַרויסגענומען מיינע מעטריקעס און גלייך זיינען מיר אַוועק צו יאָפּע׳ס שולע, אויף דער זעלבער ניישטאָט גאַס, זיך צו פאַרשרייבן. יאָפּע, דער הויפּט־פאַרוואַלטער, אַ הויכער געפּאַק־טער איד, מיט אַ קיילעכדיקע ברוינע בערדל, מיט אַ פּאָר גרויסע קיילעכדיקע גרויע אויגן הינטער זיינע גאָלדענע ברילן, דורכקוקנ־דיק מיין געבורט־שיין האָט אויסגעפונען, אַז איך בין צו־יונג פאַר דעם קלאַס צו וועלכן איך געהער, דערקלערנדיק, אַז דערפאַר וואָס איך קען שוין אַביסל לייענען און שרייבן רוסיש (וואָס מיין עלטערע שוועסטער האָט מיך געלערנט) קען ער מיך ניט אַריינזעצן צווישן די „פּריגאָטאָווישקעס“ (אָנפאַנגער) און, אַז איך וועל דאַרפן וואַרטן אַ גאַנצן יאָר ביז איך וועל קאָנען אַריינגיין אין דעם העכערן קלאַס.

יאָפּע׳ס בשורה איז פאַר מיר געווען, פאַרשטייט זיך, אַ שווע־רער קלאַפּ. קומענדיק אַהיים האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ... פאַר מיר און פאַר מיינע עלטערן איז אַנטשטאַנען אַן ערנסטע פּראָבלעם: וואָס איז צו טאָן? וויבאַלד חדר ניט, שולע אויך ניט

— טאָ וואָס ? זיצן אין הויז איז קיין תכלית ניט. האַלטן פאַר מיר לערערס איז ער, מיין פאָטער, דאַן ניט געווען אימשטאַנד. אָבער די פּראָבלעם איז אין אַ פּאָר טעג שפּעטער געלייזט געוואָרן, ווען דער טאַטע האָט צופעליק אָנגעטראָפן זיינעם אַן אַלטן גוטן פריינט, טאָדל סעגאַל, אויך אַ קליינער פאַבריקאַנטל, וועלכער האָט אויך געהאַט דעם זעלבן אָפּשניט. זיין זון, שיע, האָט אויך ניט גע־קענט אַריינגיין אין יאַפּע׳ס אוטשילישטשע צוליב זיין עלטער. האָט ער אים דערוויילע אַוועקגעגעבן צו אַ מלמד — אָבי ניט האַלטן אים אין הויז. מיין פאָטער האָט נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון זיין פריינט, און איך האָב שוין מיט מזל געקראָגן אַ נייעם רבין (דער „קאָרעליצער״).

מיין נייער מלמד איז געווען באַקאַנט אַלס דער „קאָרעליצער״, ווייל ער האָט געשטאַמט פון דעם קליין שטעטל קאָרעליץ, וויל־נער גובערניע. אַ איד, דעמאָלט אין די פופציקער, מיט אַ ברייטע שוואַרץ־גרויע באָרד, באַברילט, האָט זיך געהאַלטן אין איין באַ־רימען זיך, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ סוחר אין זיין היים־שטעטל, קאָרעליץ, נאָר צוליב דעם, וואָס זיינע געשעפטן זיינען געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, איז ער געווען געצוואונגען זיך צו נעמען צו מלמדות, און איז געוואָרן אַ „גוטער״ גמרא־מלמד אין אונזער שטאָט. זיין חדר האָט ער געהאַט אין אַ פינצטערע הילצערנע צוויי־שטאָקיגע הויז, טיף אין אַ הויף אויף דער ברייטער פּאָוויטשיזנע, ריכטיק אַנטקעגן דער „סאָבאָר״ (רוסישע צערקווע), אַ ווייט־געפאַרבטע אימ־פּאָזאַנטע געביידע, מיט פליגלען אויף דער ברייטער נאָוואָליפּע, מיט אַ ריזיקן „קאָלאָקאָל״ (גלאָק), וואָס האָט צייטנווייז אַזוי שטאַרק געקלונגען, אַז מ׳האָט געקענט טויב ווערן, און וואָס האָט געשטערט דעם לערנען...

## „שנים אוחזין בטלית״ און „שור שנגח את הפרה״

מיין נייער (און צווייטער) גמרא־מלמד האָט אויסגעקליבן פאַר זיין „טעמע״ צוויי פּרקים: „שנים אוחזין בטלית״ פון דער מסכתא „בבא מציעא״ און „שור שנגח את הפרה״ פון „בבא קמא״.

דער קאָרעליצער האָט אונז אַזוי „אָנגעקאָרעליציוועט" מיט זיינע צוויי ענינים, אַז ס'האָט שוין געקראַכן פון האַלז. „שנים אוחזין בטלית" — האָט ער אונז פאַרטייטשט — איז אַז ווען צוויי אידן געפינען אַ טלית און יעדער איינער פון זיי טענה'ט, אַז דאָס „גע־פינס" געהערט צו אים אינגאַנצן. לויטן דין, אַז צוויי געפינען עפּעס דאַרפן זיי זיך צוטיילן (יחלוקו). אָבער אַ טלית קען מען דאָך ניט צערייסן אויף צווייען (ווייל צערייסן ווערט עס דאָך אויס טלית). נו, נו, — איז אַנטשטאַנען אַ „פלוגתא". מיר, תלמידים, האָבן צווישן זיך דיסקוטירט די פּראַגע: אַז וויבאַלד די צוויי אידן זיינען גע־גאַנגען צוזאַמען און געפונען דעם טלית, טאָ מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט יעדער איינער פון זיי געקאָנט טענה'ן, אַז דער געפו־נענער טלית געהערט אינגאַנצן צו אים? און אויב, האָט אַ צוויי־טער תלמיד געפרעגט: אַ טלית קען מען ניט צעטיילן, האָבן זיי דאָך דעם חפץ געקאָנט פאַרקויפן און זיך צעטיילן מיט דעם געלט?

ניט געוווען ווער ס'זאָל ענטפערן אויף די צוויי האַרבע קשיות. דעם רבין האָט קיינער ניט געוואגט צו פרעגן. און ביז היינט צו טאָג, ליבע לייענער, וויס איך ניט מיט וואָס דער סיכסוך צווישן די צוויי יידן מיטן געפונענעם טלית האָט זיך געענדיקט.

דער קאָרעליצער האָט אונז אויך געגודיעט מיט דעם ענין „שור שנגח את הפרה" (אַן אָקס וואָס האָט אָנגעגריפן, אָדער אָנגעפאַלן, אויף אַ קו).

דער גאַנצער „לימוד" האָט פשוט געשלאָגן צום האַרצן...

און מיר האָבן שוין מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט ביז דער וויב־טערדיקער זמן וועט זיך ענדיקן. די אַטמאָספערע אין חדר איז אויך געוווען זייער דערדריקנד. דעם רבינס האַלב־הונגעריקע קינ־דערלעך האָבן געבעטלט ביי די תלמידים. איין מאָל האָב איך געזען, ווי צוויי מיידעלעך האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום טאַטן, ווען ער האָט געגעסן זיין פליישיקן מיטאָג און געשריען: „פלייש, פלייש!" (אָנשטאָט פלייש). אָבער דער טאַטע האָט זיך געמאַכט ניט זענדיק אָדער הערנדיק. ער האָט געמוז האָבן זיין חלק פלייש צו קענען אַריינקלאַפּן אין די תלמידישע „שווערע קעפּלעך" די „וויכ־טיקע" ענינים פון די צוויי אידן, וואָס האָבן געפונען אַ טלית און

ווען דער אָקס איז אָנגעפאַלן אויף דער קו... און די הימל־שריי־ענדיקע אומסאַניטאַרע באַדינגונגען אויפן הויף מיט די אָפענע אָפּטרעטן זיינען געווען פשוט אומדערטרעגלעך...

קורץ, מיר האָבן פריי אָפּגעאָטעמט ווען דער רבי האָט אַ פּאָר טעג פאַר פסח דערקלערט, אַז דער זמן איז שוין צו ענדע.

## די שמד־מגפה אין ביאַליסטאָק

דורך די פּאָר זמנים, וואָס איך האָב „געלערנט" ביי דעם ווי־שאָנקער און דעם קאָרעליצער זיינען אין ביאַליסטאָק פאָרגעקומען צוויי גרויסע פּאַסירונגען — פּאַסירונגען פון וועלכע גאַנץ שטאָט איז ממש אויפגעטרייסלט געוואָרן.

אין אַ געוויסן ווינטערדיקן טאָג האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די איינציקע טאָכטער פון דעם פּראָמינענטן געשעפטסמאַן, חייקל גראַווע, פון גומיענע גאַס, האָט זיך גע׳שמד׳ט און חתונה געהאַט מיט דעם שטאָט־דאָקטאָר גלאָוואַצקי. און אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער איז גאַנץ שטאָט ווידער דערשטוינט געוואָרן, ווען מ׳האָט זיך דער־וואוסט, אַז רייזל, די שיינע און געבילדעטע טאָכטער פון דעם מוכר־ספרים, טיקאָטשינסקי, פון חיי אָדם גאַס, האָט זיך אויך גע׳שמד׳ט און אַנטלאָפן מיטן „סטאַרשי גאָראָדאָוואָי" פון די פּיאַסקעס און סור־כאַזער גאַס — אַ הויכער ברונעט מיט אַ פּאָר בייזע שוואַרצע אויגן, מיט זייער וויי̆ניק בילדונג און אַ שטרענגער פּאָליצייסקי, וועלכער האָט געקראָגן דעם צונעמעניש „קאָזאַק" (ער האָט טאַקע געשטאַמט פון קאָזאַקן; ער איז ניט געווען קיין ביאַליסטאָקער).

ווי געזאָגט, איז רייזעל׳עס שמד׳ן זיך געווען אַ זייער שמערצ־לעכע איבערלעבונג. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ שיינע און געלערנטע טאָכטער פון אַ אידן, וואָס פאַרקויפט ספר־תורה׳ס, חומשים, סידורים, מחזורים, תפילין, טליתים, שופרות, פּרוכת׳ן, מלמדישע ביינערנע טייטלען און אַנדערע רעליגיעזע מכשירים — אַזאַ אידישע טאָכטער זאָל אָננעמען דעם פּראַוואָס־לאָוונעם גלויבן און אַנטלויפן פון שטאָט מיט אַ כמעט אומוויסנ־דיקן מיאוסן ניט־סימפּאַטישן גוי!

פּאָר אַ לאַנגע צייט האָט מען גערעדט וועגן די צוויי שמד־פּאַסירונגען. יעדער איינער האָט געפרעגט: וואו האָט רייזעלע זיך באַקאַנט מיטן „קאָזאַק"? וואו איז זי געגאַנגען און וואו איז ער געגאַנגען און וואו האָבן זיי זיך געטראָפן? מילא, האָט מען געשמועסט, חייקל גראַוועס טאָכטער האָט זיך געטראָפן מיטן דאָקטאָר גלאָוואַצקי אויף „וועטשערינקעס" אין דער הויז פון דעם אַסימילירטן אידישן אַדוואָקאַט, פרידבערג, אויף דער ניי־שטאָט, אָבער וואו האָט זיך מאַדמאַזעל טיקאָטשינסקי געטראָפן מיט איר „באַשערטן"? — דאָס איז פאַרבליבן אַ געהיימניס.

די טראַגעדיע אין דער טיקאָטשינסקי׳ס פאַמיליע האָט, נאַטירלעך, שטאַרק געטראָפן די עלטערן און די איבעריקע קינדער. טאַטע־מאַמע זיינען געזעסן שבעה, ווי דער מנהג איז, און דורך דער וואָך האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער אַלטער האָט זיך גענומען דאָס לעבן. דער עולם האָט סימפּאַטיזירט מיט דעם מוכר־ספרים. מ׳האָט די קראָם ניט באָיקאָטירט. פאַרקערט, מ׳איז אַריינגעקומען קויפן עפּעס, וואָס מ׳האָט יאָ געדאַרפט און ניט געדאַרפט — אַבי צו טרייסטן זיי.

אָבער אויף חייקל גראַוועס׳ן האָט קיינער קיין רחמנות ניט געהאַט. ער איז געווען אַ „קאַרגער גביר" — ניט געגעבן קיין צדקה און זיך אין ערגעץ ניט געוויזן. זיין גע׳שמד׳טע טאָכטער האָט אַ פּיר יאָר שפּעטער געליטן אַ גרויסן אומגליק: איר מאַן, דר. גלאָוואַדסקי, איז געשטאָרבן. צו די עלטערן האָט זי צוריק ניט געקענט גיין, און די פּראַוואָסלאַוונע קירך האָט איר ניט דערלויבט צו ווערן ווידער אַ אידישע טאָכטער. זי איז געבליבן „ווי אויפן וואַסער"...

## די דראַמע און דער ליד

אַ גרופּע רוסיש־ריידנדיקע אידישע אינטעליגענטן האָבן באַשלאָסן צו פאַראייביקן די צוויי שמד־געשעענישן, און צוזאַמען האָבן זיי פאַרפאַסט אַ דראַמע אונטערן נאָמען: „סילאַ פּרעדראַסודקאַ" (די מאַכט פון פאָראורטייל). דעם אינהאַלט פון דער

דראַמע האָב איך ניט געוואוסט. איך האָב בלויז געזען דעם ליפּ־לעט, וואָס מיין שוועסטער האָט געבראַכט אין הויז. די פּאָליציי האָט אָבער פאַרבאָטן אויפצופירן די פּיעסע, און עד היום ווייס מען ניט וואָס פון דעם מאַנוסקריפּט איז געוואָרן.

וועגן דער גע׳שמד׳טער רייזעלע טיקאָטשינסקי האָט אַ בדחן פאַרפאַסט אַ ליד, וואָס קליינע מיידעלעך האָבן געזונגען:

„רייזעלע, רייזעלע, קום, קום צוריק,
כ׳על דיר געבן אַ סך נדן
און אַ שיינעם יונגן מאַן״.

אויף מיין פּיאַסקעס — די לאַנגע פּיאַסקעס — האָבן זיך אין יענע יאָרן באַוויזן אַ היפּשע צאָל משומדים און משומדת׳טעס. צוויי געוועזענע אידן, מיט לאַנגע ווייסע בערד, אָנגעטאָן ווי בעט־לער, האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן גאַס און געזוכט צו מאַכן די פּיאַסקאָווער אידן פאַר גוים... זיי האָבן געלעבט פון דעם, וואָס אין מאַרק־טאָג פלעגן זיי אַרומגיין צווישן די אַריינגעפאָרענע פּוי־ערים און אויסבעטלען ביי זיי אַ שטיקל שוואַרצע ברויט, אַ פּאָר קאַרטאָפליעס, אַ שטיקל קעז און אַ שטיקל חזיר־פלייש.

ס׳האָבן זיך געוואָרפן „אידן״ מיט קאָקאַרדעס. דאָס זיינען געווען די משומדים, וואָס האָבן פאַרנומען רעגירונג־שטעלעס. זיי פלעגן חוצפּה׳דיק גיין איבערן גאַס, און ווען זיי האָבן דערזען אַ קעסטל אָדער אַ שטול לעבן אַ קראָם האָבן זיי אַ שליידער־געטאָן מיטן פוס און געשריען: „נעם צו!״ איינער פון די דאָזיקע „איי־דעלע״ משומדים מיט אַ קאָקאַרדע אין היטל, אַ בחור אין די ערשטע פערציקער, מיט אַ ברוינע בערדל און אַ סעינקעוואַטן נאָז, האָט ליב געהאַט אַרונטערצורייסן די היטלען פון עלטערע אידן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט שטיין מיט אַנטבלויזטע קעפּ, ווען ס׳איז דורכ־געגאַנגען אַ קריסטלעכע לוויה.

אָבער דער ביאַליסטאָקער אידנטום האָט אַביסל צוריקגעוואו־נען פון די פאַרלוסטן, וואָס זי האָט געליטן אין דער שמד־מגפה. אויסער דער פּאָליאַטשקע, וועלכע האָט זיך מגיר געווען אין דער אידישער פרייע קיך, האָט א רוס, אַ פעסט־געבויטער מאַן, אין די

פּערציקער, מיט געדיכטע ברוינע וואָנצעס, אָנגענומען דעם אי־דישן גלויבן. ער האָט זיך באַזעצט אויף דער לאַנגער פּיאַסקעס און געוואַרט אַ פּאָר וואָכן. מ׳האָט אים געזען אַריינקומען און אַרויס־קומען פון אבא דעם מלמד׳ס הויז, וואו ער האָט פאַרבראַכט אין ענסטע שמועסן מיט מיין אָמאָליקן רבין. מיר, אינגלעך, האָבן זיך דערוואוסט פון אונטערגעהערטע שמועסן, אַז דער „גוי״ וואַרט אויף דורכצומאַכן אין געהיים די אָפּעראַציע״ כדי צו קענען ווערן אַ פולשטענדיקער מיטגליד פון אחינו בני ישראל...

ביסלעכווייז האָבן די אידן און די משומדים זיך אויסגעלערנט צו לעבן בשלום. די משומדת׳טעס פלעגן אַריינקומען אין די אי־דישע קראָמען, זיי פלעגן געבן צו לייזן. די געשמד׳טע האָבן ניט געזוכט צו מאַכן די אידן פאַר „גוים״ און די אידן האָבן ניט גע־שטראָפט די „איבערגעקערטע״ פאַרוואָס זיי האָבן פאַרלאָזן דעם אידנטום און אָנגענומען דעם קריסטנטום.

אין אונדזער הויז פלעגט אַריינקומען אַ מיטל־יאָריקער משומד, פון הויכן וואוקס און מיט אַ שמאָלע גרויע בערדל, זיין נאָמען איז געווען יאַקאָוו שאָר, ער האָט געשטאַמט פון קיעווער גובערניע. ער איז געווען אַ פּאָליצייסקע, פריער אין אַ קליין שטעטל, אין סיעד־ליעצער גובערניע און שפּעטער אין ביאַליסטאָק. זיין פרוי, אַ פּאָ־ליאַטשקע, איז געווען אַ וועשעריך. ער פלעגט קומען צו אונז נע־מען די „גרעט״ און צוריקברענגען די ריינע וועש. דורך די צוויי „געשעפטלעכע״ וויזיטן פלעגט ער פאַרברענגען עטלעכע מינוטן אין געשפּרעכן. איין מאָל פרעגט אים אונדזערער אַ שכן: „ווי איז דאָס מעגלעך, אַז יעזוס איז געבאָרן געוואָרן אָן אַ טאַטן?״ אויף דעם האָט דער אַלטער משומד (אַזוי האָט מען אים גערופן אין גאַס) באַלד געענטפערט: „על הסלע הך ויוצא מים״ (אַז משה האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ שטעקן דעם פעלזנשטיין, איז אַרויס וואַסער) און באַמערקט דערביי ערנסט: אַז דאָס איז מעגלעך גע־וועזן, טאָ פאַרוואָס ניט אין דעם פאַל פון מיין „דערלייזער״?

דער „לאַנדרימאַן״ יאַקאָוו שאָר האָט אויך דערציילט פון אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ „סודיאַ״ (ריכטער) אין אַ קליין שטעטל. דער פּאָליצייסקע, שאָר, האָט זיך

באַקלאָגט פאַרן ריכטער, אַז אין שטעטל זיינען דאָ צופיל גנבים.
„מאָלטשי!" (שוויג), זאָגט אים דער ריכטער, — ווען ניט די גנבים וואָלסטו און איך גע׳פגר׳ט פון הונגער״...

## צוויי פּראָמינענטע אידן פאַר׳משפּט צו סיביר און טורמע

אַ צוויי אָדער דריי יאָר נאָך דער שמד־מגפה איז גאַנץ ביאַ־ליסטאָק ווידער אויפגערודערט געוואָרן פון צוויי אַנדערע סענ־סאַציאָנעלע געשעענישן: צוויי אידישע פּראָמינענטע גבירים זיינען געפונען געוואָרן שולדיק אין זייער ערנסטע פאַרברעכנס. דער ערשטער, לעאָן מאַרקוס, אַ רייכער געשעפטסמאַן פון וואָשליקאָ־ווער גאַס, איז פאַר׳משפּט געוואָרן צו פינף יאָר סיביר פאַר שמייסן זיין דינסט־מיידל, ווען ער האָט באַשולדיקט אין צו׳גנבנען זיל־בערנע חפצים פון זיין הויז און זי האָט ניט געוואָלט זיך מודה זיין. אין דעם העכסטן געריכט פון ווילנער אָקרוג, וואָס האָט געהייסן „סודיעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ" איז דורך עדות באַוויזן געוואָרן, אַז מאַר־קוס האָט אַליין געשמיסן דער אומגליקלעכער אָרעמער מיידל, און דערביי איז געשטאַנען אַ פעלדשער און געטאַפּט איר פּולס און באַ־שטימט וויפל שמיץ דער קרבן קען נאָך אויסהאַלטן... דער מאַר־קוס־פּראָצעס, אָדער „דיעלאָ מאַרקוסאַ" (אין רוסיש), וואָס איז פאָר־געקומען אין ביאַליסטאָק, האָט געדויערט גאַנצע דריי וואָכן. דער באַשולדיקטער, מאַרקוס, האָט אַראָפּגעבראַכט די צוויי גרעסטע אי־דישע אַדוואָקאַטן — גרוזענבערג און שלאָסבערג פון פּעטערבורג — וועלכע האָבן גע׳פּועל׳ט ביי די ריכטער צו געבן דעם באַשולדיקטן אַ מילדע שטראָף און ער האָט טאַקע געקראָגן אַ לייכטע שטראָף — פינף יאָר „וואָלנאַיע פּאָסיעליעניע" (פריי זיך צו באַזעצן) אין סיביר.

אַ לאַנגע צייט האָט מען אין שטאָט געשמועסט וועגן דעם אויסגאַנג פון דעם סענסאַציאָנעלן פּראָצעס. מיינונגען זיינען גע־ווען צעטיילט. די אומפּאַרטייאישע אונטערלעקער פון דער גבירה־קראַטיע, וועלכע האָבן געדענקט, אַז אַ גביר קען און מעג באַגיין דעם גרעסטן פאַרברעכן, ניט רעכענדיק זיך מיטן געזעץ אָדער מיט

דער עפּנטלעכער מיינונג, האָבן רחמנות געהאַט אויף דעם ברוטאַלן גביר און אָנגערופן דער אומגליקלעכער דינסט-מיידל מיט אַ מיאוס'ן נאָמען. „צוליב אַזאַ און אַזאַ", האָבן זיי זיך געבייזערט, „דאַרפן צוויי מענטשן אומקומען"... (דער פעלדזשער האָט געקראָגן פון צוויי ביז דריי יאָר טורמע).

דאַקעגן, אַנדערע מענטשן, מיט אַ געפיל פון גערעכטיקייט, האָבן גע'טענה'ט, אַז דאָס פאַרשיקן אים אויף פינף יאָר אין סיביר איז גאָר קיין שטראָף ניט. ער האָט געדאַרפט קריגן אייביקע קאַטאָרגע פאַר אַזאַ מיאוס'ן פאַרברעכן.

אין שטאָט האָט מען אויך גערעדט, אַז מאַטעריעל האָט מאַרקוס ניט דערלייגט צו זיין פאַרברעכן. אין סיביר האָט ער געטאָן גרויסע געשעפטן און נאָך רייכער געוואָרן. ער איז שוין אָבער צוריק אין ביאַליסטאָק ניט געקומען.

## „דער אַמעריקאַנער"

דער צווייטער גביר'שער אַרעסטאַנט איז געווען יאַקאָב לעווי, באַקאַנט אַלס „דער אַמעריקאַנער". דער דאָזיקער אַמעריקאַנער האָט געהאַט הינטער זיך אַן אינטערעסאַנטן רעקאָרד. אַלס אַ יונגער בחור'ל פון אַ קליין שטעטל לעבן ביאַליסטאָק איז ער אין די פופציקער פון 19טן יאָרהונדערט אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד און פון דאָרט קיין קאַנאַדע, וואו ער איז געווען אַ רעגס-פּעדלער (אויפקויפער פון שמאַטעס). אַריינקומענדיק אין דער פאַבריק, וואו ער האָט פאַרקויפט זיין סחורה האָט ער געזען, ווי פון אויסגעוואַשענע שמאַטעס און פון שטיקלעך טוך, וואָס פאַלן אַרונטער פון שניידערשן טיש קען מען דורך אַ רייס-מאַשין, באַקומען פוכקע וואָל, וואָס קען באַנוצט ווערן אין שפּינען און וועבן ביליקע טוך פאַר ווינטערדיקע אויבער-רעק. אָט דער סאָרט „וואָל" האָט געהייסן „שאָדי". דער קאַנאַדער רעגס-פּעדלער, לעווי, האָט געוואוסט, אַז ביאַליסטאָקער אידישע טוך-פאַבריקאַנטן וועלן זיין פאַראינטערעסירט אין אַזאַ סאָרט רויען פּראָדוקט. (איך אונטערשטרייך דעם וואָרט „אידישע", מחמת די דייטשע פאַבריקאַנטן, ווי מאָעס, האַסבאַך, הענריכס,

ריכטער און קאָמיכאָוו האָבן פּראָדוצירט טייערע טוך פון ריינעם וואָל.) איז ער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, באַשטייענדיק פון זיין פרוי און דריי זין, צוויי טעכטער, מיט ענגלישע נעמען — הערי, פרענק, דזשאָו, סערע און לענא — געקומען קיין ביאַליסטאָק און געעפנט אַ שאָדי־פאַבריק, און אין משך פון עטלעכע יאָר איז ער רייך געוואָרן. אמת, ניט אַזוי לייכט איז אים אָנגעקומען צו קומען צוריק קיין ביאַליסטאָק. וואָרום ער איז שוין דאַן געווען אַ קאַנאַ־דער (ענגלישער) בירגער. נאָר אַזוי ווי ער האָט איינגעפירט אין שטאָט אַ נייע אינדוסטריע האָט אים די צאַרישע רעגירונג דער־לויבט צו ווערן צוריק אַ „רוס״.

אין וואָס איז באַשטאַנען דער פאַרברעכן פאַר וועלכן דער ריי־כער שאָדי־פאַבריקאַנט איז אַוועק אין טורמע?

לויט ווי איך האָב זיך דערוואוסט פון מיין פאָטער, וועלכער איז געווען גוט באַקאַנט מיט אים און איז געווען אַן אָפּטער אַריינ־גייער אין זיין קאַנטאָר, איז דעם „שאָדי קעניגס״ פאַרברעכן באַ־שטאַנען אין פאָלגענדעס:

ער האָט געהאַט עפּעס אַ סיכסוך מיט אַ קליינהענדלער, מיטן נאָמען „מאָטקע״ (זיין צווייטן נאָמען געדענק איך ניט). זיי ביידע האָבן, ווייזט אויס, ניט געקענט דורכקומען. איינמאָל, דערציילט מיין טאַטע, האָט מאָטקע אַזוי דערעסן דעם גביר, אַז ער האָט אים, מאָטקען, אַ כאַפּ־געטאָן פאַר דער האַנט און אים אַרויסגעוואָרפן פון שפּייכלער. אָבער פון דעם קוועטש פון יאַקאָב לעוויס געזונטע האַנט איז ביי דעם קליינעם שמאָטע־הענדלער געשוואָלן געוואָרן די האַנט און האָט דעם גרויסן גביר פאַרקלאָגט און געמאָנט פאַר אים אַ גרויסע סומע געלט. דער רייכער שאָדי־פאַבריקאַנט אָבער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו געבן אים אפילו אַ קאָפּיקע. כדי זיך אָפּצוטשעפּען פון דער „אָנשיקעניש״, האָט לעווי זיך מישב געווען מיט משה ראובנ׳עז, וואָס צו טאָן (משה ראובן, אָדער „משה רואווע״, ווי ער איז געווען באַקאַנט אויף די פּיאַסקעס, אַ געזונטער מיטל־יאָריקער איד, מיט אַ רויטן פּנים און מיט אַ רויטע קורץ־געשאָרענע באָרד (אַן אמת׳ער „רויטער אידל״) איז געווען דער ביאַליסטאָ־קער טשאָנג־ראָמער. ער האָט אָבער געהאַט נאָך אַ „געשעפט״:

ער איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן גנבים און די באַ׳גנב׳טע״. ער האָט געקענט אַלע גנבים פון שטאָט און האָט געוואוסט וואו זיי גייען גנב׳ענען. אַז עס האָט געטראָפן אַ גרויסע גנבה ביי אימעצן האָט מען שוין געוואוסט צו וועמען צו גיין — צו משה רואען...). אָט דער משה רוואווע האָט געראַטן דעם גביר, יאַקאָב לעווי, צוצו־טשעפּען דעם מאַנער, מאַטקען, צו אַ באַנדע גנבים און דערמיט פּטור ווערן פון אים אינגאַנצן. ס׳האָט זיך געיאַוועט אַ „געלערנ־טער״ אונטערוועלט פאַרשוין מיטן נאָמען יאָסקע שוואַרץ, וועלכער האָט אָנגעשריבן דעם „דאָנאָס״ (מסירה). אָבער דער בלבול איז באַלד אופיגעדעקט געוואָרן, און דער סליעדאָוואַטיעל, פּיאָטר פּאָוו־לאָוו (מ׳האָט אים גערופן „פּעטער פּייוול״) האָט פאַראָרדנט צו אַרעסטירן דעם רייכן יאַקאָב לעווי, וועלכער איז אָפּגעזעסן אין דער ביאַליסטאָקער טורמע גאַנצע פיר וואָכן, צווישן אַלערליי פאַר־ברעכער.

דעם אַמעריקאַנער׳ס אַרעסט האָט אויפגערודערט גאַנץ שטאָט. מענטשן האָבן געפרעגט: ווי קומט אַזאַ איד ווי יאַקאָב לעווי, אַן „אַסאָבע״ מיט אַ שיינע שוואַרץ־גרויע באָרד, אַ גרויסער בעל־צדקה, זייער פרום — אַזוי פרום, אַז ער האָט געקושט מזוזות, אַרויסקו־מענדיק פון עדת־ישורון שול און פון פריוואַטע הייזער; און דער־צו נאָך איז ער געווען אַ שטענדיקער לייענער פון דער העבריי־אישער צייטונג „הצפירה״ (אַ זעלטנהייט צווישן ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן און גרויסע סוחרים) — ווי קומט אַזאַ איד באַגיין אָפּ־זיכטלעך אַזאַ געמיינעם פאַרברעכן און פרואוון צו פאַראומגליקן אַן אָרעמען אידן, וועמען ער האָט שיער־שיער געמאַכט פאַר אַ קאַליקע?

דער איינציקער ענטפער, וואָס זייטיקע מענטשן האָבן געגעבן איז געווען: דער גביר מעג אַלץ, האָפנדיק, אַז זיין געלט וועט אים ביישטיין. און אַזוי איז טאַקע געווען. די יאַקאָב לעווי אַפערע איז „צעריבן״ געוואָרן. און אַזוי איז מקוים געוואָרן דער רוסישער גלייכווערטל: „רוב גאָוואָריט, רוב מאַלטשיט״. אָדער אין העבריי־איש: „כסף וזהב מטהר ממזרים״.

אָט די צוויי רייכע אידן — לעאָן מאַרקוס און יאַקאָב לעווי —

מיט זייערע מיאוס׳ע פאַרברעכנס האָבן אויף אייביק באַפלעקט דעם גוטן נאָמען פון דעם ביאַליסטאָקער אידנטום.

## דער „לינקער חלפן״

אָבער די צוויי אידישע גבירים זיינען ניט געווען די איינ־ציקע, וואָס האָבן צושאַנד געמאַכט דעם ביאַליסטאָקער אידנטום. אויף די פיאַסקעס און אויף סוראַזער גאַס האָט זיך אַרומגעדרייט אַ הויכער איד, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס דער „לינקער חלפן״. אָט־דער אידליק האָט דורך פאַרשיידענע מאָדנע קונצן און בייטעגישן אויסגענאַרט ביי אָרעמע פויערים זייערע שווער־פאַר־האָרעוועטע פאַר רובל, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט איינצוקויפן נויטיקע זאַכן פאַר דער הויז. איך מיט אַ פּאָר אינגלעך פון דעם ווישאַנקערס חדר, אויף סוראַזער גאַס, האָבן איין מאָל געהאַט די געלעגנהייט צוצוקוקן, ווי דער פאַסקודנער נפש פראַוועט זיינע עבֿ׳שע שטיק. מיר האָבן דאַן אויסגערופן: „דאָס איז דאָך אַ חילול השם! אַ חילול השם!״ אָבער דער מיאוסער נפש האָט אונדז ניט געהערט (ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי האָט גע קראָגן אַ היפּשן חלק פון זיינע „אָרנטלעכע״ פאַרדינסטן). דעם זעלביקן מיאוס׳ן פאַרשוין האָט מען געזען שבת גייענדיק דאַוונען, אין אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע מיט אַ וויכן שוואַרצן קאַפעליוש (מעשה רב), זיין רויטן פּנים, מיט דער גרויער בערדל פאַרריסן, ווי ער וואָלט זאָגן: „איך האָב אייך אַלעמען אין דער אדמה! טוט מיר עפּעס!״ אין דער גרויסער שול האָט ער ניט געוואַגט אַריינ־צוגיין. ער האָט געדאַוונט אין אַ קליינעם מנין, ערגעץ אויף ראָ־פישער געסל.

## אין יאָפּע׳ס שולע

ענדלעך, אין דעם יאָר 1893, בין איך אַריין אין יאָפּעס שולע, וואו איך האָב פאַרבראַכט גאַנצע פינף יאָר. אין דער דאָזיקער שולע האָב איך געלערנט רוסיש, גראַמאַטיקע, אַריפמעטיקע (ביז

אַלגעבראַ), געאָגראַפיע, איליאָוואַיסקיס געשיכטע פון רוסלאַנד; נאַ־טור־וויסנשאַפט, ווי פיזיקס, כעמיע, אַסטראָנאָמיע, טשיסטאָפּיסאַניע (שיין־שרייבן), זינגען אין שול־כאָר, דיריגירט פון דעם באַרימטן ביאַליסטאָקער מוזיקער, יעקב בערמאַן, וועלכער האָט געלערנט דער באַרימטער אָפּערע־זינגערין ראָזאַ ראַאיזאַ (רייצקע בורשטיין פון די פּיאַסקעס; און מיר האָבן אויך געלערנט חומש (ביבליע אין רוסיש). אָט־דעם ענין („פּרעדמעט" האָט מען דאָס גערופן) האָבן מיר אוטשעניקעס, געדאַרפט טאָקע ווי אַ לאָך אין קאָפּ, ווייל אַלע פון דעם קלאַס זיינען, ווי איך, דורכגע־גאַנגען די חדרים נאָך איידער מיר זיינען אַריין אין אוטשילישטשע. אָבער, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז דאָס „לערנען" די ביבל אין רוסיש געווען אַ באַפעל פון „אויבן" — פון דעם בילדונגס־מיניסטעריום, אַלס אַ טייל פון דעם רוסיפיקאַציע „פּראָג־ראַם", וואָס דער קיסר אַלעקסאַנדער דער דריטער, מיט זיין שני־למלך, דער טרויעריק־באַרימטער אַנטיסעמיט פּאָביעדאָנאָסצעוו (ימח שמו) האָט געזוכט אַרויפצוצווינגען די רוסישע שפּראַך אויף אַלע ניט־פּראַוואָסלאַוונע פעלקער אין דעם אַלטן רוסלאַנד. מ׳האָט אין יענע יאָרן געשמועסט, אַז די גמרא־מלמדים וועלן זיין געצוואונ־גען צו לערנען מיט די תלמידים דעם תלמוד אין רוסיש — אַניט ווערן זיי אויס מלמדים!...

## מיינע לערערס — „רוסאַקעס"

מיינע לערער אין יאַפּע׳ס שולע זיינען געווען: מאָסעי באָג־דאַנאָוויטש זשמודסקי, אַ הויכער באַברילטער מיט אַ געדיכטע טונקל־ברוינע בערדל, מיט אַן ערנסטן בליק; קליאַטשקאָ, אַ הוי־כער גלאַטע־ראַזירטער בחור, אין די דרייסיקער, מיט אַ פּאָר שיינע גרויסע שוואַרצע אויגן; יאַקאָב סאָלאָמאָנאַוויטש פּרוסקי, מיט אַ פּאָר פּאַר׳חלומ׳טע שוואַרצע אויגן, מיט געקרייזלטע האָר, און אויך דער אָדון הגדול, איליאַ דאַווידאָוויטש יאַפּע, אַ מאַן אין די הויכע פערציקער, מיט גרויסע קיילעכדיקע גרויע אויגן הינטער זיינע „גאָלדענע" ברילן, מיט אַ היפּשן פּעמפּעק און קיילעכדיקע בלאָנדע

בערדל. אָט די אַלע לערערס מײנע זײנען געװען גראַדואַנטן פון דעם װילנער „אוטשיטיעלסקי אינסטיטוט“ — אַ רעגירונגס לערן־אַנשטאַלט, װאָס האָט געהאַט צוגעגרײט, אין די צאַרישע צײטן, פעדאַגאָגן פאַר די ספּעציעלע יידיש־קאַזיאָנע שולעס. אָט־די אַלע לערער אונדזערע זײנען געװען, װי מ׳האָט זײ דאַן אָנגערופן: „רו־סאַקעס“ — שטרענגע פּאַטריאָטן פון דער רוסישער שפּראַך. מ׳האָט פון זײ קײן מאָל קײן אידיש װוואָרט ניט געהערט. מיר, אוטשע־ניקעס, האָבן מורא געהאַט צו רײדן אידיש אין זײער אָנװעזנהײט... אײנער פון די דאָזיקע לערער־רוסיפיצירער, טאַקע דער זאַװיעדי־װאַיושטשי, איליאַ דאַװידאָװיטש יאָפּע, איז אַזױ װײט אַװעק מיט זײן „רוסיפיקאַציע“, אַז ער האָט געמאַכט אָפּטע אַנקעטעס אין די קלאַסן אויסצוגעפינען װיפל טאַטעס פון די שילער רײדן מיט זײ רוסיש אינדערהײם. פאַר דער אויספרעגונג האָט ער אונדז גע־געבן אַ „לעקציע“ און דערקלערט פאַרװאָס די אידן װערן פאַר־פאָלגט.

— דער איד, — האָט ער געזאָגט, — לײדט פון זײן שפּראַך (ער האָט, קענטיק, ניט געװאָגט צו באַנוצן דעם באַלײדיקנדיקן װאָרט „זשאַרגאָן“) און פון דעם װאָס ער טראָגט אַ ניט־קײן־פאַר־קעמטע באָרד...

קײנער פון די שילער האָט ניט געהויבן די האַנט אַלס ענטפער אויף זײן פראַגע. נאָר אײנער, אַ בלאָנדער בחור׳ל, האָט זיך אויפ־געשטעלט און געזאָגט:

— װען מײן טאַטע הערט מיך רײדן מיט מײן ברודער אידיש קריגן מיר בײדע פּעטש...

— „כאַראָשאָ“! — האָט יאָפּע אָנגעקװאָלן, — מאָלאָדיעץ, אַזױ דאַרף טאַקע זײן! — און גערופן די עלטערן פון די שילער נאָכ־צופאָלגן דעם דאָזיקן „גוטן בײשפּיל“...

## זעט גאָט אויס טאַקע װי אַ מענטש?

איך, פּערזענלעך, האָב געהאַט מיט יאָפּע׳ן אַ פּאָר צוזאַמענ־שטויסן. דעם ערשטן מאָל איז געװען אין דעם „ביבליעיסקי או־

ראָק״ (די ביבל־שטונדע), ווען מיר האָבן געלערנט די ערשטע סדרה, דעם פּסוק אין חומש: „נעשה אדם בצלמנו״, האָט ער אונדז אַזוי פאַרטייטשט אין רוסיש: „סאָטוואָרים טשעלאָוויעקאַ פּאָ אָבראַזו פּאָדאָביו נאַשעמו״. הויב איך אויף די האַנט און פרעג: „אי־ליאַ דאַווידאָוויטש, קוקט טאַקע גאָט אויס ווי אַ מענטש?״

— „יעדיניצו יעמו״, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט כעס, — און האָט מיר אַוועקגעשטעלט אַן „1״ אין זשורנאַל, און מיך געוואָרנט ניט מער צושטעלן אַזעלכע פראַגן („ווּפּעריאָד טאַקיך וואָפּראָסאָוו ניע פּרעדלאַגאַי״).

מיין לערער׳ס שטרענגע האַנדלונג האָט מיך שטאַרק געערגערט, ווייל דער „1״ האָט פאַרקלענערט מיין דורכשניט („עווערידזש״).

## „וויפל פון אייך לייגן תפילין?״

אַ צווייטן צוזאַמענשטויס האָב איך אַ זעקס מאָנאַטן שפּעטער געהאַט מיט מיין „דערציער״ יאָפּע׳ן, ווען ער האָט פּרובירט אויסגעפינען וויפל פון זיינע תלמידים לייגן תפילין יעדן טאָג. די שילער האָבן זיך ניט געאיילט צו ענטפערן אויף זיין „פראַגע״, ווייל אויפן הויף פון די קלאַסן האָבן די בר־מצווה בחורים צווישן זיך געשמועסט, אַז דער וואָס לייגט תפילין איז אַ „יאָלד״. נו, האָבן די יעניקע, וואָס לייגן יאָ תפילין האָבן ניט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל זיי באַצירן מיט דעם ניט־קאָמפּלעמענטאַרנדיקן נאָמען, און די וואָס האָבן ניט געלייגט קיין תפילין האָבן פּשוט מורא געהאַט פאַרן „רבין״...

האָט זיך אָבער געפונען אין קלאַס אַ שוואַרץ־אויגיקער יאַט, וועלכער האָט דערציילט יאָפּע׳ן, אַז דער שילער וואָס איז געזעסן אויף אַ צווייטן בענקל, לינקס פון אים, אַז ער לייגט תפילין שבת... („פּאָ סובאָטאַם״). דער גאַנצער קלאַס האָט באַלד אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער... דער לערער האָט זיך מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַהאַלטן דעם שמייכל, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן: ער האָט אויך מיטגעלאַכט... אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער

געוואָרן זייער ערנסט און אויסגעשריען: „שטיל זאָל זיין!“ אָבער באַלד ווי דער געלעכטער איז איינגעשטילט געוואָרן, האָב איך זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט. כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט דעם בילד, ווי אַ יונגער בחור׳ל קומט אַריין שבת אין שול, אָדער אין מנין, מיטן תפילין־זעקל און הויבט־אָן פאַנאַנדערצואוויקלען די רצועות מיטן „של ראש“ און ווי ס׳ווערט אַ גערודער אין דער בית התפילה, און ווי אַלע לאַכן פון דעם אינגל...

דאָ איז שוין יאָפּע גאָר אין כעס געוואָרן אויף מיר. „זע נאָר, זע נאָר“, האָט ער זיך געבייזערט, „געפונען איבער וואָס צו שפּאַסן“ („וויש נאַשאָל נאַד טשעם נאַסמיעכאַטסאַ“) און האָבן זיך געשראָקן, טאָמער שטעלט ער מיר ווידער אַן „1“. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן...

אַ צייט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז יאָפּע האָט שוין מער אַזעלכע „אַנקעטעס“ ניט געמאַכט...

## אַרויס פון יאָפּע׳ס שולע

אין 1898 בין איך אַרויס פון יאָפּע׳ס שולע און האָב אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך די סטודענטסקע אוניפאָרם, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שוואַרצן אָנצוג, מיט אַ פּאַס אַרום דער רובאַשקע און אַ היטל מיט אַ לעדערנעם קאָזירעק — און צוריק געוואָרן אַ „ציווילנער“.

די סיבה, וואָס איך בין אַרויס פון דער שולע ניט־פאַרענדיקט, איז געווען דאָס, וואָס איך האָב ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אַריינצוגיין אינעם לעצטן קלאַס, און איך האָב זיך געשעמט צו זיצן אין דעם זעלביקן קלאַס נאָך אַ יאָר. דער טאַטע איז ניט געווען קעגן מיין שריט; ער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז איך קען שוין גענוג רוסיש; איך קען שוין לייענען אַ צייטונג, אַ בוך, אָנשרייבן אַ בריוו, אויסמאַכן אַ וועקסל און קורצע לעגאַלע פּאַפּירן. און דערהויפּט איז אים געפעלן געוואָרן, וואָס איך קען שוין רעכענען פּראָצענטן. און ער האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר מיר. און וואָס פאַר אַ תכלית האָט מען אין יענע

יאָרן געקענט טראַכטן פאַר אַ פופצן־יאָריקן בחור׳ל מיט בלויז עלעמענטאַרע בילדונג? דער ענטפער איז געווען: בוכהאַלטעריע. אָבער צו זיין אַ בוכהאַלטער אין ביאַליסטאָק האָט מען געמוזט אומ־באַדינגט קענען דייטש, וואָרום די געשעפט־ביכער זיינען געפירט געוואָרן אין דער דייטשישער שפּראַך. האָט דער טאַטע פאַר מיר געדונגען אַ דייטשן לערער, וועמען מיר האָבן גערופן הער בעדער, אַ איד אין די פערציקער, הויך געוואַקסן, מיט אַ רויטן פּנים און אַ קורצע ברוינע בערדל. מיר איז די דייטשע שפּראַך געווען ניט אומבאַקאַנט, ווייל, ווי שוין פריער דערמאָנט, נאָך פון קינד־ווייז־אָן האָב איך שוין גערעדט מיט די דייטשע „שקצים״, אין אונדזער נאָכבאַרשאַפט, זייער שפּראַך; אָבער אָנהויבנדיק צו לער־נען דייטש האָב איך אויסגעפונען, אַז פון ריידן ביז קענען לייענען און שרייבן איז אַ גרויסער מהלך...

צוויי יאָר האָט הער בעדער מיך געלערנט די שפּראַך פון געטע, שילער, היינע, גאָטהאָלד אפרים לעסינג, מאָזעס מענדעלסאָן א. אַנ. גרויסע דייטשן. ער איז מיט מיר אַדורכגעגאַנגען גאַנץ די באַרימטע „שילערס געדיכטע״ און אַ כרעסטאָמאַטיע, וואָס האָט אַנטהאַלטן אַ סך שיינע מעשה׳לעך, אָבער אין די שענסטע פון זיי איז געווען שטאַרק באַטאָנט דער פאַרשאַלטענער דייטשער מיליטאַריזם. דער „זאָלדאַט״ איז אין יענע דערציילונגען געלויבט געוואָרן ביזן הימל... פּשוט פאַרגעטערט געוואָרן!

נאָך די צוויי יאָר האָט דערזעלבער הער בעדער זיך אָנגע־נומען צו לערנען מיך בוכהאַלטעריע פון אַ טעקסט־בוך, באַקאַנט אַלס „אָטאָ זיעדעס״. ער האָט מיך גוט אויסגעלערנט צו פאַרשטיין די טעאָריע פון „דעביט און קרעדיט״, פון „אַן און פער״; ווי אויס־צומאַכן יעדן מאָנאַט אַ „פּראָבע־באַלאַנץ״, יעדן יאָר אַ גענעראַל באַלאַנץ און אַנדערע מינדערוויכטיקע בוכהאַלטעראַיקע כללים.

מיין לערער איז געווען באַקאַנט און באַוואוסט אין שטאָט אַלס אַ גוטער פּעדאַגאָג. איך האָב אָבער מיט אים געהאַט אַ צו־זאַמענשטויס — ווי מיט יאָפּע׳ן. דאָס איז געווען, דאַכט זיך, אין דעם זומער פון 1900. ס׳איז דאַן אָנגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער און פאַרצויגענער סטרייק פון די מיידלעך אין יאַנאָווסקי׳ס פאַ־

פיראָסן־פאַבריק. מאַכט ער איין מאָל צו מיין טאַטן אין מיין אַנוועזנהייט:

— צו וואָס דאַרפן די מיידלעך סטרייקן? זיי וועלן דאָך באַלד חתונה האָבן, טאַ, צו וואָס?

און איך באַמערק אים גלייך:

— אויב זיי וועלן שוין יאָ חתונה האָבן, טאַ מיט וועמען וועלן זיי חתונה האָבן — מיט מרדכי גאָרדנ׳ס זון? (מרדכי גאָרדאָן איז אין יענע יאָרן געווען דער גרעסטער גביר אין שטאָט). זיי וועלן דאָך מוזן חתונה האָבן פאַר אַן אָרעמען אַרבעטער און ביידע וועלן זיי מוזן ביטער קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ.

ביידע, מיין פאָטער און מיין לערער, האָבן זיך איבערגעקוקט און געמשייכלט...

## אומרואיקע צייטן אין ביאַליסטאָק און אויף די פיאַסקעס

אין די לעצטע יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיינען אין שטאָט אָנגעקומען שווערע צייטן. דער ערשטער גרויסער גענעראַל־סטרייק פון אַלע טעקסטיל־אַרבעטל — וועבערס, שפּוליאַרקעס, שפּינערס, פאַרבערס און אַפּרעטירער — איז פאָרגעקומען אין האַרבסט 1899. רי־זיקע פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף אַן אָפענעם פּלאַץ, לעבן „סטאַוו״, אַנטקעגן בערל פּאָליאַקס פאַבריק. אויף דער דאָזיקער מאַסן־פאַרזאַמלונג, האָט מען געזאָגט, זיינען אַנוועזנד גע־ווען פון 20 ביז 22 טויזנט אַרבעטער — אידן, קריסטן, מענער און פרויען. די פאָדערונגען פון די סטרייקערס זיינען געווען, ווי גע־ווינלעך: העכערע לוין און קורצערע אַרבעט־שטונדן. (מ׳האָט דאַן געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג, פאַר אַ לוין פון פינף ביז 7 דאָלאַר אַ וואָך). לוין־קעטניקעס אויף די פיאַסקעס און קליינע פאַבריקאַנטן האָבן דאַן גע׳טענה׳ט, אַז די אינספּעקציע וואָס די צאַרישע רעגי־רונג האָט איינגעפירט אין די ערשטע ניינציקער האָט „צעבאַלע־וועט״ (צעלאָזן) די אַרבעטער. אָבער דאָס איז געווען ניט אמת. די אינספּעקציע האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט לוין־און אַרבעט־

שטונדן. פון פּערזענלעכע קאָנטאַקטן, וואָס איך האָב געהאַט מיט די אינספּעקטאָרן אין לאָדזש און אין ביאַליסטאָק האָב איך גע־וואוסט, אַז זייער פונקציע איז גאָר אַן אַנדערע, ווי העלפן אויס־קעמפן בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען פאַר די שרעקלעך־עקספּלו־אַטירטע מאַסן. זיי, די אינספּעקטאָרן, געענדיקטע אינזשעניערן־טעכנאָלאָגן, האָבן דעמאָלט אינספּעקטירט די מאַשינען און געזען, אַז זיי זאָלן זיין אין גוטן אָרדענונג כדי צו פאַרמיידן סיבות; ווען אַן אַרבעטער אָדער אַרבעטערין האָט געדאַרפט וואַרטן אויף מאַ־טעריאַל האָט דער פאַבריקאַנט ניט געטאָרט אַוועקשטעלן אים אָדער איר ביי אַן אַנדער סאָרט אַרבעט אין דער זעלבער פאַבריק; זיי האָבן באַפוילן די באַלעבאַטים צו בויען טאָילעטס פאַר מענער און פרויען באַזונדער; זיי האָבן אויך געפאָדערט צוצושטעלן זיי די סטאַטיסטיקעס פון פּראָדוקציע אין דער באַטרעפנדיקער פאַבריק און אויך די צאָל אויסלענדער וואָס אַרבעטן אין דער אונטערנעמונג (אין יענע יאָרן זיינען די אויסלענדער, וואָס זיינען געווען באַשעפ־טיקט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, געווען דייטשן און עסטרייַ־כער); אָבער די זעלביקע צאַרסקע טשינאָווניקעס האָבן דערלויבט צו שטראָפירן אַרבעטער פאַר אַריינקומען אין פאַבריק צוויי מינוט שפּעטער מיט אַ האַלבע שטונדע שכירות; פאַר זיצן אין טאָילעט מער ווי צען מינוט — ווידער שטראָף. און שטראָף פאַר אַנדערע קליינינקייטן.

ווי געזאָגט, האָט דעם צאַרס אינספּעקציע מאַכעריקע לחלוטין ניט געהאָלפן די אונטערדריקטע האָרעפּאַשנע מאַסן צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. פאַרקערט, מיט אַרויפלייגן אַ שטראָף אויף די אַרבעטער, קעגן וועלכע לעניך האָט געקעמפט מיט אַלע זיינע כוחות אַ סך יאָרן נאָך פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָבן זיי געהאָלפן די עקספּלואַטאַטאָרס.

## שיסערייען און „סכאָדקעס" אין די וועלדער לעבן די פּיאַסקעס

אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט מען שוין געזען סכאָדקעס פון אַרבעטער אין די וועלדער לעבן דעם

דאַרף סלאַבאַדע, ניט ווייט פון מיין גאַס, וואו רעדנער האָבן אַד־רעסירט די פאַרזאַמלטע אַרבעטער און דיסקוטירט זייערע אָנגעווייטאָקטע פּראָבלעמען. זייטיקע מענטשן, ניט אַרבעטער, האָט מען ניט צוגעלאָזן זיך צו הערן צו די רעדעס און דיסקוסיעס. אַרום די דאָזיקע סכאָדקעס איז געשטאַנען אַ וואַך און געזען, אַז פרעמדע זאָלן ניט צוקומען נאָענט. איינער פון דער וואַך, אַ באַקאַנטער פּוי־לישער וועבער, האָט מיך איין מאָל שאַרף און אָן צערעמאָניעס געזאָגט, אַז אַ פאַבריקאַנטס אַ זון טאָר ניט אָנוועזנד זיין צו אַזאַ פאַרזאַמלונג, און געהייסן זיך שנעל אָפּטראָגן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געפאָלגט...

שיסערייען פון דער פּאָליציי אויף פאַרזאַמלטע אַרבעטער אין וואַלד און הינטערן שטאָט איז פאָרגעקומען אַזוי אָפט, אַז מ׳האָט עס אָנגענומען ווי אַ געוויינלעכע פּאַסירונג פון וועלכע זייער ווייניק מענטשן האָבן געוואוסט. פון איין בלוטיקן צוזאַמענשטויס צווישן די אַרבעטער און פּאָליציי האָב איך זיך דערוואוסט דורך אַ מאָדנעם צופאַל: גייענדיק אַזוי אין אַ קילן האַרבסטיקן פרימאָרגן אויף דער וואַשליקאָווער גאַס, טרעף איך אָן מיין פריינט פון די חדרים און פון יאָפּע׳ס שולע, שמחה צפּת, אַ פּריקאַזטשיק, לויפנדיק מיט אַן אַרבעטער. אויף מיין פראַגע, וואו ער איילט זיך דאָס אַזוי, האָט ער מיר שטיל אַריינגעשושקעט אין אויער: „מיר באַזוכן דאָקטוי־רים און הייסן זיי גיין באַהאַנדלען די פאַרוואונדעטע פון נעכטי־קער שיסעריי; מיר זאָגן זיי אָן, אַז אונטער קיינע אומשטענדן זאָלן זיי ניט אַרויסגעבן דער פּאָליציי די נעמען און אַדרעסן פון די פאַר־וואונדעטע אַרבעטער־קעמפער וועמען זיי באַהאַנדלען; און טאָמער פאָלגן זיי ניט וועלן זיי גאָר איבגיכן חרטה האָבן..."

פון סטאַטשקעס און סטרייקס האָט מען געהערט כמעט אַלע טאָג. אויף דעם שול־הויף, אָנפאַנג פון סוראַזער גאַס, זיינען יעדן פאַרנאַכט געשטאַנען געדיכטע מאַסן באַלמעלאָכעס — אַזוי גע־דיכט, אַז מ׳האָט ממש ניט געקענט זיך דערשטופּן צו גיין ווייטער... אויף די דאָזיקע שול־הויף ניט־אָרגאַניזירטע פאַרזאַמלונגען האָט מען געהערט געשרייען, אַז די באַלעבאַטים עקספּלואַטירן זיי גאָר

אוממענטשלעך, און מיט אויפגעהויבענע שטעקנס, האָבן זיי גע־סטראַשעט אײַנגיכן זיך אָפּצורעכענען מיט זיי.

אין די יאָרן פון סטרייקס מיט סטאַקטשקעס און סכאַדקעס האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פאַרשפּרייט אַנטי־צאַריסטישע און אַנ־טי־קאַפּיטאַליסטישע פּראָקלאַמאַציעס. קליינע פאַבריקאַנטן און לוין־קעטניקעס, אויפפּעפענעדיק די לאַדנס אינדערפרי האָבן געפונען אין די שפּאַרונעס אַזעלכע פלוג־בלעטלעך. איינע פון די דאָזיקע ליפּ־לעטן איז געווען אַן אויפרוף צו די מאַסן צו פייערן דעם 1טן מאַי. (מיין טאַטע האָט אַזוינע בלעטלעך באַלד צעריסן און מיך ניט געלאָזן זיי לייענען. ער האָט אויך צעריסן אַ בוך פון דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע).

דער ערשטער און אָפענער אַרויסטריט קעגן צאַר מצד די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און אינטעליגענטן איז געווען, וואָס אויף די לײדיקע פּלעצער פון אָפּגעברענטע הייזער, אויף די פּיאַסקעס און סוראַזער גאַס, האָבן יונגע אינגלעך געטאַנצט אַ קאַרידאָר און געזונגען: „דאַלאָי סאַמאָדאַרזשאַוויע!" „דאַלאָי סאַמאָדיערזשאַוועץ מערזאַוועץ!"

## דעם בערשטערס לוויה און די תשעה באב דעמאָנסטראַציע

איינע פון די גרעסטע מאַניפעסטאַציעס פון אייניקייט פון די ביאַליסטאָקער אַרבעטער אין קאַמף קעגן צאַריזם און קאַפּיטאַליזם איז געווען די ריזיקע לוויה פון דעם בערשטער, וועלכער איז גע־ווען אויך אַ בונדיסטישער טוער און אַגיטאַטאָר. די לוויה איז פאָר־געקומען אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן נאָכמיטאָג פון יאָר 1902, אָדער 1903. די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן פון דעם אַלטן בית־עלמין געסל באַרג־אַראָפּ צו סוראַזער גאַס. די נאָכגייער האָבן מאַרשירט שטיל און רואיק אין געשלאָסענע רייען, מענער און פרויען, זעקס אין אַ שורה, איבער דעם צעטראָטענעם ווייסן שניי דורך גומיענער, יוראָווצער און וואַשליקאָווער גאַסן ביז באַגנאַווקע, דער פּלאַץ פון נייעם און דריטן אידישן בית עולם. דאָס איז געווען די צווייטע

גרעסטע לוויה אין שטאָט. מ׳האָט דאַן געשאַצט, אַז אַמווייניקסטן פון פיר ביז פינף טויזנט מענטשן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם טרויער־מאַרש. אַן עלטערער איד, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר אויף סוראַזער גאַס, זאָגט מיר, אַז זינט די לוויה פון ביאַליס־טאָקער רב, ר׳ ליפּעלע, מיט אַ יאָר צוואַנציק פריער, האָט ער נאָך אַזאַ גרויסע לוויה ניט געזען. חנא, דער באַגרעבער, האָט זיך באַ־קלאָגט, אַז מ׳האָט אים צום בר־מנן ניט צוגעלאָזן. אַליין האָבן זיי, אָן תפילות, באַערדיקט זייער בונדיסטישן פירער. איינער פון די רעדנער, ביים קבר, האָט באַהויפּטעט, אַז דער רעוואָלוציאָנערער בערשטער איז ניט געשטאָרבן, נאָר די עלעקטריע איז פון אים אויס־געגאַנגען. פון דאַן־אָן האָבן ציניקער באַצייכנט יעדן רעוואָלוציאָ־נער אַלס די „לעקטרי״.

די צווייטע אידישע אַרבעטער דעמאָנסטראַציע, וואָס מיר איז צופעליק אויסגעקומען צו זען איז געווען אין אַ תשעה־באב פאַר־נאַכט פון דעם יאָר 1902 אָדער 1903. דאָס איז געווען אַ הייסער פאַרנאַכט. די זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין. אידן, אויס־געמאַטערט פון תענית, האָבן זיך פּאַמעלעך געשלעפּט פון די בתי־מדרשים און די מנינים אַהיים עפּעס איבערכאַפּן. שטייענדיק אַזוי אויף דער לאַנגער פּיאַסקעס, לעבן מיין הויז, האָב איך דערזען, ווי פון דער סלאַבאָדע זייט ציט זיך אַ גרויסע געדיכטע מאַסע מענטשן, יונגע מענער און פרויען, מאַרשירנדיק אין געשלאָסענע רייען צו דער סוראַזער גאַס־צו, געפירט פון אַ יונגע בלאָנדע מיידל מיט אַ שירעם אין האַנט. לעבן עליע ציטריניק׳ס הויז האָט זיך דער מאַרש פּלוצים אָפּגעשטעלט. די מאַרשירער פון הינטן האָבן ניט פאַר־שטאַנען און ניט געוואוסט די אורזאַך פונם אָפּשטעל. אָבער די פון די ערשטע רייען האָבן יאָ געוואוסט: דער קנופּ פון דער פירער־קעס האָר זיך צעפאַלן, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגענומען די קיילעכדיקע רויטע הענטל פון שירעם אין מויל, און מיטביידע הענט האָט זי שנעל צורעכט געמאַכט אירע צעפאַלענע האָר, און דער מאַרש האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען. צוקומענדיק צום זאַווי־קערס הויף האָט זיך, ווי פון אונטער דער ערד, באַוויזן דער אָקאָ־לאָדאָטשניק, כאָדאָראָווסקי, אַ הויכער גוי, מיט אַ קורצע טונקל־

ברוינע בערדל מיט שוואַרצע בייזע אויגן און גענומען שרייען: „ראַזכאָדיס!״ דער עולם האָט גענומען זיך צעגיין. אָבער איידער די מאַסע איז זיך צעגאַנגען האָט אַ קליינער געשיקטער יאָטל דער־לאַנגט דעם קאָלאָדאָטשניק מיט אַ האַלבן ציגל אין קאָפּ און ס'האָט זיך באַוויזן בלוט אויף זיין פּנים. האַלטנדיק מיט זיין האַנט די טיכעלע צו פאַרהאַלטן די רינענדיקע בלוט האָט ער אין זיין באַסאָווע שטימע געשריען: „סוואָלאָטשי! סוואָלאָטשי!״ און געפּאַכעט מיט דער שאַשקע.

זייטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צום מאַרש, האָבן באַוואונדערט דעם מוט און אומדערשראָקנקייט פון דער אידישער אַרבעטער־מיידל צו גיין אין פאָראויס פון אַן אַרבעטער־דעמאָנ־סטראַציע, ניט מורא האָבנדיק פאַר דער ברוטאַלער פּאָליציי און מיט אירע באַהאַלטענע שפּיאָנען — איינער פון די ליכטיקסטע קאַ־פּיטלען אין דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער און רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונג אין ביאַליסטאָק אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

## אַ גבירס אַ זון פירט אַ מאַסע צו אַן עקספּראָפּריאַציע

נאָך אַ מערקווירדיקן אַרויסטריט פון אונטערדריקטע און עקס־פּלואַטירטע אַרבעטער איז מיר אויסגעקומען צו זען אין אַ כמור־נעם קאַלטן האַרבסטיקן פאַרנאַכט פון יאָר 1904 אויף דער טיק־טינער גאַס — די גאַס מיט רייכע קראָמען. כמעט אין דער גאַנצער לענג פון דער גאַס האָבן מאַרשירט, פאַרוויזן, אויפן טראָטואַר אויף דער רעכטער זייט פון דער גאַס, עפּעס אַ הונדערט אָרעם־געקליי־דעטע יונגע בחורים, מיט ערנסטע פּנימער, אַראָפּשטופּנדיק זייטיקע מענטשן אין מיטן גאַס... און דער פירער פון דער דאָזיקער פאַר־העלטניסמעסיק־קליינע דעמאָנסטראַציע איז, צו מיין גרויסער אי־בערראַשונג געווען ניט קיין אַנדערער ווי שמערקע, דער אינגסטער און דער ביאַליסטאָק־געבוירענער זון פון יאַקאָב לעווי, אַ צוואַנציק־יאָריקער בחור פון מיטלוואוקס, מיט אַ פּאָר לעבעדיקע טונקל־ברוינע אויגן אין זיין געזונטן פּנים, אָנגעטאָן אין אָרעמע קליי־

דער. יאָ, עס איז טאַקע געווען אַ גרויסע איבערראַשונג, ווייל איך האָב זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ זון פון אַזאַ גרויסן גביר ווי יאַקאָוו לעווי, דער גרעסטער שאָדי־פאַבריקאַנט אין שטאָט, זאָל פירן אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע! אמת, ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַביסל אַראָפּגעלאָזן, אָבער איך האָב אים באַלד דער־קענט, ווייל איך האָב אים אַ פּאָר מאָל געזען אין זיין טאַטנס פאַב־ריק און אין זיין קאַנטאָר אויף מאַזערס גאַס. וואו שמערקע האָט געפירט דעם מאַרש האָב איך דאַן ניט געוואוסט. איך בין ניט נאָכגעגאַנגען; איך האָב פשוט מורא געהאַט... נאָר עטלעכע טעג שפּעטער, ווען איך האָב דערציילט אַ פּאָר פון מיינע נאָענטע באַ־קאַנטע פריינט וועגן דער אויסערגעוויינלעכע דעמאָנסטראַציע, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז די אַנאַרכיסטן האָבן געפּלאַנט צו מאַכן אַן אי־בערפאַל אויף מוראַוויאָוס גרויסע און רייכע שפּייז־קראָם, וואָס אויפן ראָג פון וואַשליקאָווער גאַס אַנטקעגן ווילבושעוויטשעס אַפּ־טייק. און שמערקע, האָט מען מיר געזאָגט, איז געווען דער פי־רער פון דעם אַוואַנגאַרד. אָבער דער געפּלאַנטער איבערפאַל, אָדער ווי מ׳האָט עס דאַן גערופן: „עקספּראָפּריאַציע״, איז ניט דורכגע־פירט געוואָרן, מחמת פאַר אַזאַ געוואַגטע אונטערנעמונג האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע מאַסן מענטשן און געקומען איז בלויז אַ קליינע צאָל קעמפער.

## סטודענטן, אינטעליגענטן, „טאָלסטאָוקעס״ און אַרעסטן

אין „גאַס״ און אויף די פּיאַסקעס האָבן זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן אוניווערסיטעט־סטודענטן, אַריינגעקומענע פון אַנדערע שטעט, אין זייערע געוויינלעכע סטודענטישע אוניפאָרמס, נאָר מיט „טאָלסטאָוקעס״ (אַ בלויע העמד, אונטערן פּידזשאַק, ביז די קני, מיט קוטאַסן. מ׳האָט עס גערופן טאָלסטאָוקעס, ווייל דער גרויסער טאָלסטאָי האָט געטראָגן אַזאַ „שוירט״). צווישן די אוניפאָרמירטע, באַבערדלטע, באַברילטע אינטעליגענטן האָבן זיך געפונען אויך אַ גרויסע צאָל געלערנטע אין „ציווילע״ קליידער. מ׳׳האָט זיי געזען אויף „מיין גאַס״, אויפן וועג צו סלאָבאָדע, דער ערשטער דאָרף,

אַ צוויי וויאָרסט פון שטאָט. לעבן דעם דאָזיקן דאָרף זיינען גע־וועז גרויסע ליידיקע פּלעצער פון אויסגעהאַקטע בוימער פון וואַלד, וואו גרויסע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן. צו די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע פאַרזאַמלונגען זיינען די דערמאָנטע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענטן געגאַנגען האַלטן רעדעס. אויף זייערע פּנים׳ער האָט מען געקענט זען ערנסטקייט און אַנטשלאָסנ־קייט דורכצופירן זייער מיסיע, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי זיינען געווען אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן אָדער אומקומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי אָדער מיט די „שפּיקעס" (אַזוי האָט מען דאַן גערופן די צאַרסקע שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרס).

איך בין זיי ניט נאָכגעגאַנגען. כ׳האָב מורא געהאַט... כאָטש איך האָב געהאַט גרויס אָפּשיי פאַר זיי אַלס גרויסע אידעאַליסטן. יונגע בחורים, מיט הויכע בילדונג און מייסטע פון זיי פון פאַר־מעגלעכע עלטערן זיינען זיך מקריב פאַר די אינטערעסן פון די אָרעמע, באַרויבטע און אונטערדריקטע מאַסן און העלפן זיי אויס־קעמפן אַ בעסערן און פרייערן לעבן! אַ סך פון די דערמאָנטע איי־דעלע און געלערנטע בחורים, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר פּראָסטע אַרבעטער און אַריין אַרבעטן אין די פאַבריקן און האָבן אַגיטירט זייערע פרייהייטס־אידעאַלן צו די אַרבעטער. איין מאָל קומט אַריין דער טאַטע פון גאַס און דער־ציילט מיר, אַז ער האָט נאָר־וואָס געהערט, אַז אין אַ גרויסע לע־דער־פאַבריק האָט מען אַרעסטירט אַן אַרבעטער, וועלכער האָט גערעדט אויפן קייסער און אויף די באַלעבאַטים, און אַז דער אַרעס־טירטער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן צו זיין אַ סטודענט פון אַ יורידיטשעזקן פאַקולטעט און האָט געהאַט בלויז איין יאָר צו פאַרענדיקן זיין שטודיום צו ווערן אַ „פּריסיאַזשני פּאָווערני" אָדער אַן אַדוואָקאַט וואָס האָט געקענט פּראַקטיצירן אין די העכסטע גע־ריכטן פון לאַנד. ניט איך און ניט מיין טאַטע האָבן דאַן געוואוסט אָדער געהערט פון די „נאַראָדאָוואָלצעס" — די זין און טעכטער פון רייכע פאַמיליעס, מיט הויכע בילדונג, וועלכע האָבן פאַרלאָזן זייערע אוניווערסיטעטן און זייערע באַקוועמע היימען און זיך אַוועק־געלאָזט „וונאַראָד", צווישן די אָרעמע פּויערים אין דאָרף און צווישן

די אַרבעטער אין די פאַבריקן און זיי געלערנט לייענען און שרייבן און ווי צו קעמפן קעגן צאַרזים און קאַפּיטאַליזם — פאַר אַ פרייע און בעסערע וועלט. דער אַרעסטירטער גאַרבער־יוריסט איז געווען איינער פון די „נאַראָדאָוואָלצעס״.

## לידער געהערט דורך אָפענע טיר און פענצטער

הכלל, דער גייסט פון רעוואָלוציע האָט געשוועבט איוף די פּיאַסקעס, כאַנאַיקעס סוראַזער גאַס און די זייטיקע געסלעך — די געגנטן וואָס איז דאַן געווען געדיכט באַזיצטע פון אידישע און ניט־אידישע פּראָלעטאַריאַר. ס׳האָבן דאָרט אויך געוואוינט אַ קליינע צאָל אַזוי־גערופענע באַלעבאַטישע אידן, קליינע פאַבריקאַנטן — די שפּייז־קרעמער, שיינקאַרעס, שניט־קרעמער, געשעפטס־אַנגע־שטעלטע, פריקאזשטשיקעס, בוכהאַלטערן און אַנדערע ״אָפּהענ־גיקע מענטשן״, ווי אברהם רייזען באַצייכנט זיי. עס האָבן דאָרט געוואוינט דריי גרויסאַרטיקע מלמדים: ר׳ שמואל פוקס, דער פאָטער פון אברהם פוקס, דער אַמאָליגער רעדאַקטאָר פון דער העברייאישער וואָכנבלאַט „השבוע״, וועלכע איז דערשינען אין ווין, עסטרייך; מאָטיע בן הרב און ר׳ עקיבא (פון ר׳ עקיבא׳ן האָט מען געשמועסט, אַז ער איז אַזוי קלאָר אין ש״ס, אַז ער קען „אויס־טרייסלען פון אַרבל״ די גרעסטע רבנים). דורך די אָפענע טיר און פענצטער פון די קליינע פאַבריקלעך און פּריוואַטע הייזער האָט מען געהערט אידישע אַרבעטער־מיידלעך זינגען דוד עדעל־שטאַטס לידער, ווי „ס׳דרייען די רעדער, ס׳קלאַפּן די מאַשינען״, „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן״ און אַנדערע אידישע רעוואָלו־ציאָנערע לידער. פּוילישע אַרבעטער־מיידלעך האָבן געזונגען דעם „טשערוואָני שטאַנדאַרד״ און (אין רוסיש) „וואָזליע ריעטשקי, וואָז־ליע מאָסטאַ, וואָזליע ריעטשקי וואָזליע מאָסטאַ טראַווקאַ ראָסלאַ״. אָט־די לידער זיינען געווען אַזוי באַגייסטערנדיק, אַז אפילו אי־דישע פרויען אין שייטלען האָבן אויך מיטגעזונגען...

און גייענדיק שבת פאַרנאַכט פון וואַלד און סלאָבאָדע דורך די פּיאַסקעס האָבן אַרבעטער מיידלעך און בחורים געזונגען „וויכרי

וואָזשדיעבניע וועיוט נאַד נאַמי טיאָמניע סילי נאַס זלאָבנאָ גניע־דוט", זיי האָבן אויך געזונגען גאָרקיס „סאָלנצע ווסכאָדיט אי זאַ־כאָדיט אַ וו. טיורמיע מאָיעי טיעמנאָ", ניעקראַסאָווס „אוקאַזשי מניע אַביטיעל, יאַ טאַקאָווא אוגלאַ ניע ווידאַל" און אַנדערע פרייהייטס־לידער אין דריי שפּראַכן. באַלעבאַטישע מיידלעך האָבן אויך מיט געזונגען.

קורץ, אין די יאָרן פון 1902, 1903 און 1904 איז די „צווייטע העלפט" פון ביאַליסטאָק (די ערשטע העלפט איז באַשטאַנען פון די אַריסטאָקראַטישע גאַסן, ווי נאָוואַליפּע, מאַזערס גאַס, די ניי־וועלט, גומיענער, די יוראָווצער, די וואַשליקאָווער, די ניי־שטאָט, די דייטשע גאַס און די זייטיקע שמעלערע געסלעך אַרום די רייכע גאַסן) איז געווען באַהערשט פון רעוואָלוציאָנערן גייסט.

## די דיסקוסיעס

אָבער אויסער די לידער, וואָס מ'האָט געהערט זינגען זיינען אויך פאָרגעקומען אויף דער לאַנגער פּיאַסקעס דיסקוסיעס און דע־באַטעס צווישן מיטגלידער פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען, באַזונדערס צווישן בונדיסטן און ציוניסטן (ציונים", האָבן זיי זיך דאַן גערופן). אָט־די דיסקוסיעס זיינען פאָרגעקומען מייסטנס דורך די זומערדיקע שבתים, נאָכן עסן, אָדער, בעסער געזאָגט, נאָכן טשאָלנט און קוגל. פון די הייזער, טיף אין די הויפן, פלעגן אַרויס־קומען בחורים און מיידלעך צו דער גאַס צו כאַפּן אַ שמועס מיט באַקאַנטע וועגן „פּאָליטיק". דער רעוואָלוציאָנערער גייסט האָט אפילו אַרומגעכאַפּט די באַלעגאָלעס און איזוואָשטשיקעס, וועלכע האָבן זיך געשאָלטן מיט אַזעלכע קללות, ווי „אַ רעוואָלוציע דיר אין בויך", „אַ סטרייק דיר אין די געדערים!"

איין מאָל, אין אַזאַ שבת'דיקן נאָכמיטאָג, איז מיר אויסגע־קומען זיך צוצוהערן אַ וויכוח צווישן אַן אַרבעטער, אַ בונדיסט, און אַ באַלעבאַטישן בחור, אַ לערנער, אַ ציוניסט. דער לעצטער, אַ שוואַרץ־חנ'עוודיקער יונגער מאַן, האָט פּרובירט איינריידן זיין מיטשמועסער, אַ בונדיסט, אַ סטאָליער, אַ הויכער בחור מיט געלע

האָר, אַז אַן אייגענע לאַנד אין פּאַלעסטינע, אָדער אַ טעריטאָריע ערגעץ אַנדערש, וועט געוויס לייזן די אָנגעווייטיקטע אידישע פראַגע און במילא אויך די אַרבעטער פראַגע.

דער בונדיסט איז אַבסאָלוט ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט דיין דעבאַטאַנט. „וואָס טויג מיר אַן „אייגן לאַנד?" — פרעגט ער, „וואָס איז מיר דער אונטערשייד צי איך ווער עקספּלואַטירט פון אַ אידישן קאַפּיטאַליסט אין ביאַליסטאָק אָדער אין ירושלים? פון וואַנעט ווייסט איר, אַז אין דעם „אייגן לאַנד" וועל איך ניט דאַרפן אַרבעטן שווער און ביטער פאַר אַ הונגער־לוין — ווי דאָ?"

און פאַרזעצנדיק זיינע אַרגומענטן האָט דער „געלער סטאָליער", ווי ער איז געווען באַקאַנט אויף דער גאַס, דערמאָנט זיין ציוניסטישן קעגנער קאַרל מאַרקס' אומשטערבלעכע דערקלערונג, אַז דער אַרבעטער האָט ניט קיין פאָטערלאַנד; אַז טויזנטער מענטשן אין מאָסקווע שלאָפן אין דרויסן אין די קאַלטע ווינטערן; אַז אין אַמעריקע שלאָפן טויזנטער מענטשן אונטער די בריקן — אין זייער „אייגן לאַנד".

דער ציוניסטישער טרוימער איז געווען מיט אים איינפאַרשטאַנען, אַז דער אַרבעטער ליידעט אין אַלע לענדער. „אָבער", האָט ער גע'טענה'ט, „ס'שטייט דאָך געשריבן: „כי ציון במשפט תפדה" — ציון וועט אויסגעלייזט ווערן דורך גערעכטיקייט. דאָס הייסט, אַז אין ארץ־ישראל וועט הערשן גערעכטיקייט און ניט ווי אין די צייטן פון ישעיה און ירמיה".

— נו, נו, נו, נו"! — איז דער מעבל־סטאָליער געוואָרן אומגעדולדיק,— מאַלע וואָס מען שרייבט דאָרט און מאַלע וואָס מען זאָגט דאָרט! ווער איז דאָס מחויב צו גלויבן אין אַלץ וואָס מ'שרייבט דאָרטן און אין אַלץ וואָס מ'זאָגט דאָרט? בלויז נאַראָנים קענען גלויבן אין די אַלע שרייבאַכצן און זאָגאַכצן". און ער האָט אים ציטירט אַ פּסוק פון די הייליקע ספרים, אין וועלכן עס זאָגט זיך: „פתי יאמין לכל דבר" — אַ נאַר גלויבט אין יעדע זאַך.

דער יונגער ציוניסטישער ענטוזיאַסט האָט זיך נעבעך גע־פונען אין גרויס פאַרלעגנהייט. ער האָט זיין קעגנער ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ער איז אָבער איבערראַשט געווען צו הערן,

אַז אַ פּשוט׳ער באַלמעלאָכע איז ניט פרעמד אין די „שוואַרצע פינטלעך"...

## ארץ־ישראל ? — פּאַר קבצנים !

אַוועקגייענדיק פון דער בונדיסטיש־ציוניסטישער דעבאַטע איז מיר געקומען אויף די געדאַנקען אַ „דערפאַרונג", וואָס איך האָב געהאַט מיט אַ פרומען אידן, וועמען איך האָב פאַרקויפט אַ שקל. (מיין טאַטע האָט מיך דערלויבט צו זיין אַ ציוניסט, אָבער אַ סאָ־ציאַליסט — אַ קעמפער קעגן צאַר און באַלעבאַטים — חלילה !). דער איד, אין די זעכציקער, מיט אַ שוואַרץ־גרויע ציגענע בערדל, האָט מיר ניט געקענט אָפּזאָגן, ווייל מיין טאַטע פלעגט ביי אים קויפן סחורה, און ער איז אויך געווען ביי אונדז אין הויז אַן אָפּ־טער גאַסט צו אַ גלעזל טיי. אַרויסנעמענדיק פון זיין גראָבן שוואַרצן טייסטער דעם זילבערנעם האַלבן רובל, מאַכט ער צו מיר: „לייבל, דו מיינסט, אַז איך דאַרף ארץ־ישראל ? ווייס איך וואָס ! נאָר אויב מ׳קאָן צונעמען פון דאַנעט די קבצנים וואָלט עס געווען אַ טייערע זאַך !

ווען איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער זאָגט דאָך עטלעכע מאָל אַ טאָג „ועינינו תראינה בשובך לציון" און אַלע יום־כּיפּור „לשנה הבאה בירושלים" האָט מיין ר׳ לייזער־עליע געמאַכט אַ זויערע מינע, ווי ער וואָלט זאָגן (ווי דער בונדיסט): „מאַלע וואָס מ׳זאָגט דאָרטן ; ס׳איז דאָך נאָר געזאָגט !"...

ר׳ לייזער עליע׳ס מיינונג, אַז ארץ־ישראל איז גוט בלויז פּאַר קבצנים האָט מיך דערמאָנט די מעשה פון די צוויי אידן, וואָס זיינען געפאָרן אין באַן. ווען ס׳איז געקומען מנחה־צייט, פרעגט איינער דעם צווייטן, וואו דער מזרח איז. און דער מיטפאַרער ענט־פערט אים: „שוטה, דו איינער, ווי אַזוי קאָן מען וויסן וואו דער מזרח איז אין באַן, ווען דער שנעל־לופינדיקער צוג דרייט זיך יעדע מינוט אין אַלע זייטן ?" און עצה׳ט אים, אַז דער מזרח אין באַן איז וואו דער פּעקל ליגט...

יאָ, מיין טאַטנס פריינט, דער קליין־הענדלער און דער איד אין

דער באַן זיינען געווען גערעכט: דער וואָס האָט אַ „פּעקל" (אייגנ־טום אָדער אַ זיכערע פּרנסה), פאָרט ניט זוכן קיין גליקן אין אַנ־דערע שטעט אָדער אין אַנדערע לענדער. אַ רייכער איירישמאַן אין אַמעריקע וועט ניט פאָרן צו באַזעצן זיך אין איירלאַנד; אַ פאַר־מעגלעכער איטאַליענער אין אַמעריקע וועט ניט פאָרן קיין איטאַ־ליע; אַ פּאָליאַק וועט ניט פאָרן קיין פּוילן, און אַ איד וואָס האָט אַ „פּעקל" וועט ניט פאַרלאָזן אַמעריקע און אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל, כאָטש די היסטאָרישע לאַנד איז אים טייער. ער מוז האַלטן אַן אויג דאָרט וואו זיין פּעקל ליגט...

(אַן איירישער לץ, ריידנדיק וועגן באַזעצן זיך אין איירלאַנד, זיין אַלטע היים, זאָגט: „מאַי האָום איז ווהער אַי געט מאַי טרי ביפס" [דריי פליישיקע] מאָלצייטן).

## מאַסן־אַרעסטן און טעראָר

אין די וואָכן פון 1903 און 1904 האָט אין ביאַליסטאָק די רע־אַקציע גענומען בושעווען גאָר אויפן גרויסן פאַרנעם. אין שטאָט האָט די צאַרישע רעגירונג אַריינגעשיקט אַ נייעם פּאָליציי־מייסטער, מעטלענקאָ, אויפן פּלאַץ פון פריערדיקן פּאָליציי־מייסטער, מאַליע־וויטש, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס „ניט קיין שלעכטער גוי און אַ גוטער נעמער"... דער נייער פּאָליציי־קאָ־מיסאַר, אַ הויכער און ברייטער, מיט אַ פּאָר טאָטערישע שוואַרצע אויגן, אַ געוועזענער פּאָלקאָווניק, איז אומישנע אַריינגעשיקט גע־וואָרן אין ביאַליסטאָק צו אונטערדריקן די אַרבעטער און די רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונג. זיין ערשטער ברוטאַלער אַקט איז געווען, וואָס ער האָט צעטריבן די אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען אויפן שול־הויף. אויף די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן פלעגן אַרבעטער פון די טוך־פאַבריקן דיסקוסירן זייערע פּראָבלעמען — זייערע צרות וואָס זיי האָבן אויסצושטיין פון זייערע באַלעבאַטים מיט זייערע אונטער־שטופּערס, די מייסטערס, פון „סבאָדקעס" אין וואַלד האָט מען שוין ניט געהערט. אַרעסטן פון אַרבעטער און אינטעליגענטן זיינען פאָר־געקומען כמעט יעדן טאָג — אַזוי, אַז די ווייסע צוויי־שטאָקיגע

טורמע איז אָנגעפילט געוואָרן פון „פּאָליטישע". צווישן די אַרעס־טירטע זיינען געווען מיינע צוויי נאָענטע חברים, זיידל כאַבאָצקי און העשל האַלפּערן (דער לעצטער, אַמעריקאַנער־שטודירטער דענטיסט, האָט פאַר אַ האַלבן יאָרהונדערט געוואוינט אין שיקאַגאָ; געשטאָרבן אין לאָס־אַנדזשעלעס אין 1955; זיידל וואוינט אין ניו־יאָרק).

די מאַסן־אַרעסטן פון אַרבעטער־טוער און אינטעליגענטן איז געווען דער רעזולטאַט פון די פאַרברעכערישע שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעוואָרעמט אין רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און שפּעטער אַרויסגעגעבן די פירער צו דער פּאָליציי. אָט־די „שפּיקעס", ווי מ'האָט דאַן גערופן די שפּינאָען, האָבן זיך אפילו אָנגעשלאָסן אָן די נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי די פּועלי־ציון און די סאָציאַליסטן טעריטאָריאַליסטן („עס עסאָוו־צעס"), כאָטש די בונדיסטן און אַנאַרכיסטן האָבן די מיטגלידער פון די דערמאָנטע צוויי אָרגאַניזאַציעס באַצייכנט אַלס „שטרויענע רעוואָלוציאָנערן"...

אַ סך מענטשן האָט מען אין יענע יאָרן פאַרדעכטיקט אין שפּיאָנעריי, מ'האָט פאַרדעכטיגט די דריי אידישע פעלדשערס — שלומהקע און נחום אָזדער פון סוראַזשער גאַס און טורעק פון די פּיאַסקעס — אַז זיי האָבן אַרויסגעגעבן צו דער פּאָליציי די נעמען פון די פאַרוואונדעטע אַרבעטער, וועלכע זיי האָבן באַהאַנדלט נאָך אַ שיסעריי אין די וועלדער. מ'האָט געהאַט אַ חשד אויף דעם אייגנטימער פון אַן אַפּטייקאַרסקן מאַגאַזין, ראַקאָווטשיק, אויף סוראַזשער גאַס. אָט דער נפש, ראַקאָווטשיק, האָט מען געזאָגט, האָט זיך פון זיינע אומשולדיקע קונדן דערוואוסט די נעמען פון די פאַרוואונדעטע און צעקאַליעטשע קעמפער און זיי איבערגעגעבן דער „אָכראַנקע". איך האָב דעם פאַרדעכטיקטן „אַפּטייקער" געקענט. אַ שלאַנקער איד, אין די פופציקער, מיט אַ פּאָר בייזע שוואַרצע אויגן, איז זיין באַציאונג צו זיינע קונדן, מייסטע אָרעמע מענטשן פון סוראַזשער גאַס און די פּיאַסקעס, געווען חוצפּה'דיק און ברוטאַל. איין מאָל, אַריינקומענדיק אין זיין קרעמל, הער איך, ווי אַ פרוי פרעגט אים, ווי צו באַנוצען דעם מאַסטש, אָדער דעם מעדיצין, וואָס זי

האָט ביי אים געקויפט, ווייל זי האָט ניט געקענט לייענען די אינ־סטרוקציעס. זיין ברוטאַלער ענטפער איז געווען: „פון מיינעטוועגן קענט איר דאָס אַרויסוואַרפן!"...

אָט־דער פאַרשוין, ראַקאָווטשיק, פלעגט מיט פאַררייסענע גאווה אַרומשפּאַצירן איבער די אָרעמע גאַסן אין זיין שוואַרצע פּע־לערינע מיט אַ טייערן ברייטן קאַראַקולנעם קאָלנער און היטל... ער האָט זיך געפירט גאַנץ ברייטלעך. שכנים האָבן זיך געוואונ־דערט, ווי אַזוי ער קען זיך אַזוי ברייט פירן פון דער פרנסה פון אַזאַ קליין אַפּטייקער קרעמל, וואו ער האָט געהאַט פאַר „דריי גראָשן" סחורה...

נאָך איינעם האָט מען חושד געווען אין שפּיאָנעריי פאַר דער צאַרסקער „זיכערקייט אַגענטור". דאָס איז געווען אַ פאַרשוין, וועל־כער איז אָנגעקומען אין שטאָט פון סלאָנים. זיין נאָמען, געדענק איך, איז געווען מאַרמליעווסקי. אַ איד פון הויכן וואוקס, דאַן אין די פופציקער, מיט אַ קיילעכדיקע שוואַרץ־גרויע באָרד. ער איז געווען אַן אַסימילירטער איד — ער האָט גערעדט בלויז רוסיש. אַ פּאָר מאָנאַטן נאָכדעם ווי ער איז אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק האָט ער געעפנט אַ בוך־געשעפט אויף דער דייטשער גאַס, לעבן ברוך ליפשיצעס ווייַן־קראָם. אין דער ביבליאָטעק איז אויך געווען אַ טיש מיט שטולן פאַר די וואָס ווילן לייענען דאָרט.

ס'האָט אָבער לאַנג ניט גענומען ביז מ'האָט אויסגעפונען, אַז דער „בוך־געשעפט" מיט דער „טשיטאַלניע" איז ניט מער ווי אַ פאַסטקע אַרייצונאַרן פּראָגרעסיווע אַרבעטער און אינטעליגענטן. אין זיין קראָם האָט ער געהאַט מאַרקסיסטישע ווערק און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע שריפטן. ער האָט נאָכגעשפּירט די וואָס האָבן גע־לייענט די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און זיי אַרויסגעגעבן צו דער צאַרישער געהיים־פּאָליציי, שפּעטער באַקאַנט געווען אַלס די „אָכראַנקע". וויפל קרבנות עס זיינען אַריינגעפאַלן אין מאַרמליעוו־סקיס שפּיאָנאַזש־נעסט האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט. אָבער די ביבליאָטעק איז באַיקאָטירט געוואָרן. עלטערן האָבן שטרענג פאַר־באָטן זייערע דערוואקסענע קינדער ניט צו גיין אין דעם דאָזיקן

„קולטור־צענטער". איך מיט מיינע חברים, העשל און זיידל, זיי־
נען דאָרט ניט געגנאַגען.

נאָך אַ דריי אָדער פיר יאָר איז די ליטעראַטור־קראָם מיטן לייען־טיש פאַרמאַכט געוואָרן. דער פאַרוואַלטער האָט אַפּנים ניט געטאָן געגנוג „ביזנעס".

אָבער ליידיק איז דער „ראַפּינירטער" שפּיאָן מאַרמליעווסקי ניט אַרומגעגאַנגען. מיט דער קאָאָפּעראַציע פון דעם שטאָטישן „סודיאַ" (ריכטער), וועדיענסקי, האָט ער אָרגאַניזירט אַ „לאַדזש", וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „אָבשטשעסטוואָ ווזאַאימנאָוואָ וואָספּאָ־מאָזשעניא" (אַ פאַראיין פאַר קעגנזייטיקע הילף). דאָס איז, נאַטיר־לעך, אויך געווען אַ שפּיאָנסקע מאַכערייקע אַריינצוציען אינטעלעק־טואַלן און פּראָגרעסיווע רעגירונג אָנגעשטעלטע, און נאָכדעם זיי איבערגעבן צו דער זשאַנדאַרמעריע. וואָס פאַר אַ „דערפאָלג" די טעטיקייטן פון דער נייער „אונטערנעמונג" האָט געהאַט, האָט מען ניט געוואוסט. אירע אָפּעראַציעס זיינען געהאַלטן געוואָרן שטרענג אין געהיים.

## דער ערשטער טעראָריסטישער אַקט
## מענדל קאָלנער

פון דעם ערשטן טעראָריסטישן אַקט מצד די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער האָט זיך גאַנץ ביאַליסטאָק דערוואוסט אַ שבת־צו־נאַכט, אַ וואָך פאַר פסח פון דעם יאָר 1901, ווען מענדל קאָלנער, אַ לוין־קעטניק, איז געפונען געוואָרן אַ דערשטאָכענער, אַרויסקומענדיק פון זאַוויקערס הויף אויף די אַנדערע פּיאַסקעס. ווי מ'האָט דאַן גע־שמועסט אין שטאָט, איז מענדל קאָלנער, אַ הויכער איד, אין די פופציקער, מיט אַ ברייטע טונקל־ברוינע באָרד, געווען איינער פון די לוין־קעטניקעס, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו די געשפּרעכן פון די וועבער און שפּוליאַרקעס וועגן רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן און נאָכדעם פאַר'מסר'ט זיי צו דער פּאָליציי.

אַ פּאָר וואָכן נאָך מענדלס טויט טרעפט מיך אָן נחום עס־טערקעס, אויך אַ לוין־קעטניק, טאַקע אויף דער זעלביקער אַלעק־

סאַנדראָוויטשס געסל, אַ פּאָר הייזער פון מענדלס פּאַבריק, און דער־ציילט מיר, אַז חברה האָבן נאָך אַ האַלבע נאַכט אָנגעקלאַפּט אין די לאָדנס און אים געסטראַשעט מיט די ווערטער: „מענדל האָט ניט דערלעבט צו עסן די אַלקעס (קניידלעך) און דו וועסט ניט דער־לעבן צו עסן די בלינצעס!" דער סטראַשונאַק איז אָבער ניט דורכ־געפירט געוואָרן.

## אברהמל פּאַריזשער

אַ יאָר שפּעטער, דעם צווייטן טאָג פּסח, איז אין דער גרויסער שטאָטישער שול געמאַכט געוואָרן אַ פּאַרזוך צו טויטן דעם רייכן לוין־קעטניק, אברהם קאַהאַן (באַקאַנט אַלס „אַוורעמל פּאַריזשער"). איך בין גראָד דעמאָלט געווען אין שול, אין דער גרויסער קאַלטער שול. אַרויסגייענדיק צום „לייענען" אַביסל אינדרויסן, האָב איך אין „פּאלוש" דערזען אַוורעמלען שטייענדיק ביי דער גלעזערנער טיר, האַלטנדיק אַ ווייסע טיכעלע ביי דער רעכטער אויג, פון וועלכער עס האָט גערונען בלוט. אידן אין טליתים זיינען נאָענט צו אים ניט צו־געקומען. אָבער זיין שווער, אַ שלאַנקער עלטערער איד, מיט אַ שפּיציקע גרויע בערדל, איז אַרויסגעלאָפן פון שול און זעענדיק זיין אידעם האַלט זיך ביי דער פּאַרבלוטיקטער אויג, האָט ער אים געפרעגט, וואָס איז געשען. „אַוורעמל פּאַריזשער לעבט נאָך!" האָט ער געענטפערט אין זיין שטאַרקע באַסאָווערע שטימע און נאָך אַמאָל: „אַוורעמל פּאַריזשער לעבט נאָך!"

אינדרויסן, לעבן דער שול, זיינען געשטאַנען אַ צאָל קרייזלעך יונגע מענטשן און געשמועסט וועגן דעם אַטענטאַט. איך האָב ניט געהערט וואָס זיי האָבן גערעדט, ווייל נאָענט צו זיי בין איך ניט צו־געגאַנגען. כ׳האָב ווידער פּשוט מורא געהאַט...

דער שיער־שיער דערשטאָכענער אַוורעמל פּאַריזשער, אַ קיי־לעכדיקער איד, דעמאָלט אין די פופציקער, מיט אַ ברייטע שוואַרצע באָרד, מיט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן אין זיין פולן פּנים, איז געוועןביידעס: אַ לוין־קעטניק און אַ מלוה. ער האָט געליען געלט די פּאַבריקאַנטן, פון וועלכע ער האָט גענומען אַרבעט צו וועבן.

אַ בעזדיעטניק, האָט ער געהאַט געגוג צייט זיך אָפּצוגעבן מיט כלל־אַרבעט. ער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין פיל פון די דעמאָלטדיקע צדקה־אַנשטאַלטן און אומעטום האָט ער זיך „גע־לאָזט געפינען". און דערפאַר איז ער געווען פאַררעכנט אַלס אַ פילאַנטראָפּ". אָבער צו זיינע וועבערס, שפּוליאַקעס און אַנדערע אַרבעטער אין זיין פאַבריק איז אַוורעמל שוין גאָרניט געווען קיין פילאַנטראָפּ. צווישן וועבער האָט מען געהערט ריידן וועגן אים אַלס אַ „שלעכטער באַלעבאָס". ביי אים זיינען פאָרגעקומען אָפטע און פאַרצויגענע סטרייקס. און ניט אַלע זיינען געוואונען געוואָרן. אַריינקומענדיק אין גאַס — גומיענער גאַס, די בירזשע פון די קליינע פאַבריקאַנטן און לוין־קעטניקעס — האָט מען ניט זעלטן געהערט: „ביי אַוורעמל פּאַריזשער איז שוין ווידער אַ סטאַטשקע". און דערצו נאָך האָט מען געזאָגט, איז דער רייכער לוין־קעטניק געווען אַ מסור. ער פלעגט אַרויסגעבן צו דער פּאָליציי די מער אַנטשלאָסענע, די מער מיליטאַנטישע סטרייקערס — אַזוי האָט מען גערעדט אין אַרבעטער־קרייזן.

## די שיטערייַ אויף וואָלאָברינסקין

נאָך אַ טעראָריסטישער אַקט אויף איינעם פון די אידישע שלעכטע באַלעבאַטים, וועלכע האָבן ניט געוואָלט נאָכגעבן די גע־רעכטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער פאַר גרעסערע שכירות און קורצערע אַרבעט־שטונדן און ביי וועמען ס'זיינען פאָרגעקומען לאַנגע פאַרביטערטע קאַמפן איז געווען הער וואָלאָברינסקי, דער אייגנ־טימער פון דער גרעסטער דרוקעריי אין שטאָט און די גרעסטע אין גאַנץ גראָדנער גובערניע. דער אַטענטאַט איז געמאַכט געוואָרן אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט פון דעם יאָר 1904. אַ שכן אונדזערער, משהק'ע פוריע, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט אַלס אַ „נאַ־באָרשטשיק" (זעצער) האָט מיר פערזענלעך דערציילט אַלע איינצל־הייטן פון דעם פאַרזוך צו טויטן זיין באַלעבאָס.

— דאָס איז געווען, — האָט ער אָנגעפאַנגען, — אַרום 5 פאַר־נאַכט. צוויי יונגע חברה זיינען אַריינגעקומען אין דער דרוקעריי

מיט רעוואָלווערס (שפּייערס״ האָט מען דאָס דאַן גערופן), צוגע־גאַנגען צום באַלעבאָס און אויסשרייענדיק: „דו געמיינער עקספּלו־אַטאַטאָר, דו בלוט־זויגער, שמוציקער הונט!״ אין אים אַריינגע־שאָסן צוויי קוילן אין האַנט. מאַדאַם וואָלאָברינסקי, דערהערנדיק די שיסעריי און דערזעענדיק איר מאַנס פאַרבלוטיקטע האַנט, האָט זי היסטעריש אויסגעשריען צו די דערשטוינטע אַרבעטער: „גזלנים!״ מיר האָבן אויסגעטאָן די פאַרטוכער, אַוועקגעלייגט די אַרבעט און אַוועק אַהיים.

(ביידע, אַורעמל פאַריזער און וואָלאָברינסקי, האָבן זיך שפּע־טער דערהאַלט פון זייערע וואונדן.)

## אַ קויל פאַר פּאָליציימייסטער מעטלענקאָ

די „באַיעוואָיע אָרגאַניזאַציע״, וואָס איז באַשטאַנען פון מיט־גלידער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען — אפילו פון די פּועלי־ציון און טעריטאָריאַליסטן — האָט ניט פאַרגעסן דעם אדון הגדול, פּאָליציימייסטער מעטליענקאָ, וועלכער, ווי שוין פריער דערמאָנט, איז אַריינגעשיקט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק צו מאַכן „אָרדנונג״ און פּרובירן דערשטיקן דעם שטייגנדיקן רעוואָלוציאָנערן אויפבראויז מצד די האַרעפּאַשנע און פּאָלקס־מאַסן. שפּאַצירנדיק אַזוי אויף טיקטינער גאַס, אין אַ פרילינג פאַרנאַכט פון יאָר 1902, האָט ער געקראָגן אַ קויל אין דער פּאַכווע פון אַ יאַטל, וועלכער איז אַרויסגעלאָפן פון דער גאַנץ שמאָלער געסעלע, וואָס פאַרבינדט חיי־אָדם גאַס מיט דער טיקטינער — די גאַס מיט די אויסגעפּוצטע קראָמען, וואָס פאַנגט זיך אָן פון דער ברייטער נאָוואָליפּע, אַנטקעגן דער גרויסער צערקווע, ביז דעם שטאָט־זייגער. ווי עס איז דאַן איבערגעגעבן געוואָרן אין דעם „ביעלאָסטאָקסקי ליסטאָק״, האָט דער פאַרוואונדעטער נאָכגעלאָפן דעם שיסער און אים פּרובירט כאַפּן. אָבער דער געוואַגטער יאַטל איז, קענטיק, געווען פלינקער פון אים און זיך אויסבאַהאַלטן אין איינע פון די קליינע ישיבה־געסלעך.

קיינער — אפילו ניט די פּאָליציי — האָט זיך גענומען צום

האַרצן פון דער שיסעריי אויפן פּאָליציי־מייסטער מעטליענקאָ. ער איז געווען אַ בייזער נפש. ער האָט באַשולדיקט די נידעריקע פּאָ־ליציי־באַאַמטע, אַז זיי העלפן אים ניט דורכפירן זיין בלוטיקע מי־סיע. אים איז ניט געלונגען צו אַרעסטירן די פירער פון די רע־וואָלוציאָנערע פּאַרטייען און די טעראָריסטן האָט מען ניט געכאַפּט. ס'האָט געדויערט אַ דריי מאָנאַטן ביז ער איז געזונט געוואָרן. אָבער ער איז שוין אין ביאַליסטאָק ניט פאַרבליבן. מ'האָט שוין פון אים מער ניט געהערט.

## פאַר און נאָכן 9טן יאַנואַר, 1905

נאָך דער שיסעריי אויף וואָלאָברינסקין און דעם פּאָליציי־מייסטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג אויף האָרעפּאַשנע מאַסן און אינטעליגענטן און מ'האָט אַרעסטירט רעכטס און לינקס — יעדן איינעם, אויף וועלכן מ'האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז אַ „פּאַרטיינער" — אַ קעמפער. אויף די פּיאַסקעס האָט געהערשט אַ דערדריקנדיקע שטימונג. אידישע עלטערן זיינען געווען אין איין שרעק: טאָמער ווערט עמיצער פון די קינדער אַרעסטירט און פאַר־שיקט ווערן (אַ סך זיינען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשיקט קיין סיביר). וויפל קרבנות ס'האָבן געליטן פון דעם מכשפה־געיעג האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט, ווייל קיין אָפיציעלע געריכטן אויף די אַרעסטירטע און פאַרשיקטע זיינען ניט פאָרגעקומען. זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן, ווי מ'האָט דאַן גערופן: „אַדמיניסטראַטיווונים פּאָריאַדקאָם", דאָס הייסט, אויף דעם באַפעל פון אַ הויכן פּאָליציי־באַאַמטן, אָדער פון אַ זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק. קיין אַדוואָקאַטן האָט מען צו די אַרעסטירטע ניט צוגעלאָזן.

די האָרבסטיקע טעג פון 1904 זיינען טאַקע געווען כמורנע טעג. די זון האָט זיך כמעט ניט באַוויזן אין די הימלען. די אידן און ניט־אידן אויף די פּיאַסקעס און די זייטיקע געסלעך איז געווען עפּעס קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. אָבלאַוועס זיינען געמאַכט געוואָרן אינ־מיטן נאַכט און אַרויסגענומען פון די בעטן אומשולדיקע יונגע מענטשן און זיי אַוועקגעשיקט ניט ווי סנדיק וואו. טאַטעס, מאַמעס

זיינען געלאָפן צו חיימ׳ען, וועלוול דעם שיינקערס זון (חיים איז געווען אַ „כאַדאַטאַי״; ער האָט געהאַט אַ צוטריט צו „נאַטשאַלסט־וואָ״ — מיט כאַבאַר, פאַרשטייט זיך) און געבעטן אים, ער זאָל עפּעס טאָן צו ראַטעווען זייערע אומשולדיק־אַרעסטיר׳טע קינדער פון די פּאָליצייאישע נעגל.

## דער „בלוטיקער ניינטער יאַנואַר״ 1905

נו, אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער, איז אָנגעקומען דער 9טער יאַנואַר פון 1905, וואָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע אַלס „קראָוואָוואָיע וואָסקרעסעניע״ (דער בלוטיקער זונטאָג). אין יענעם טאָג האָט דער פּאַררעטערישער גלח גאַפּאָן געפירט אַ דעמאָנסטראַציע פון אומגעפער הונדערט טויזנט אַרבעטער, פּויערים און אינטעלעקטואַלן צום צאַר מיט אַ פּעטי־ציע צו געבן דעם פאָלק מער פרייהייט און בעסערע לעבנס־באַ־דינגונגען. אָבער אָנשטאָט אויפצונעמען די דעפּוטאַציע, איז די גאַנצע ריזיקע מאַסע מענטשן באַגעגענט געוואָרן מיט אַ האָגל פון קוילן פון די סאָלדאַטן פון פּרעאָבראַזשענסקי פּאָלק, און 248 זיי־נען געפאַלן טויט און טויזנטער פאַרוואונדעט.

אויף דעם רציחה׳דיקן אַקט מצד דעם בלוטיקן צאַר מיט זיינע משרתים האָבן די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן פון גאַנץ רוסלאַנד אַ פּאָר טעג שפּעטער געענטפערט מיט אַ גענעראַל סטרייק, וואָס האָט אָנגעהאַלטן גאַנצע דריי טעג. דער סטרייק האָט ביאַליסטאָק, נאַטירלעך, ניט אויסגעמיטן. אויף די סלופּעס און פּאַרקאַנעס אויף די פּיאַסקעס און סוראַזער גאַס זיינען אָנגעקלעפּט געוואָרן גרויסע אַפישן (פּאָוסטערס) מיט אַזוינע אויפשריפטן אין רוסיש: „טרע־בויעם סוואָבאדו סלאָווא, סוואָבאָדו פּיעטשאַטי, סוואָבאָ סאָבראַניא אי ניעפּריקאָסנאָווענאָסטי אימעני אי זשילישטשא״ (מיר פּאָדערן פרייהייט פון וואָרט, פרייהייט פון דרוק, פרייהייט פון פאַרזאַמ־לונג און די אומבאַרירבאַרקייט פון פּערזאָן און וואוינונג).

און אויף דעם אַפּיש אין אידיש איז געווען אַזאַ אויפשריפט: „אים אָנפאַנג וואַר די טאַט! — געטהע״.

מ׳האָט דאַן געשמועסט, אַז דער אויפרוף מיט דער ציטאַטע פון דעם דייטשן פילאָזאָף און דראַמאַטורג, יאָהאַן וואלפגאַנג געטהע, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן גע־גלויבט אין „פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט״, וואָס שליסט איין גענעראַל־סטרייקס און טעראָר.

אין יענע דריי טעג האָבן אַלע געסטרייקט: אַרבעטער, פרי־קאזטשיקעס, בוכהאַלטאַרן, אפילו איזוואָשטשיקעס און באַלעגאָלעס האָבן אויך געסטרייקט. די לעצטע האָבן אויסגעשטעלט זייערע ליי־דיקע וועגענער, די פערד אויסגעשפּאַנט, אויף אַ ליידיקן פּלאַץ, צווישן די דייטשע מאַגילקעס און דער וואָדאָפּראָוואָדנע שטיבעלע. זיצנדיק אויף די פורן האָבן די פורמאַנס אָפּגעהאַלטן זייערע מיטינ־גען, וואו זיי האָבן דיסקוסירט זייערע אייגענע פּראָבלעמען. זיי האָבן געפּאָדערט פון פאַבבריקאַנטן און אַגולנע הענדלער העכערע ראַ־טעס, לויט דער וואָג פון דער משא און די ווייטקייט פון דעם פּלאַץ, וואו די סחורה דאַרף געשיקט ווערן.

אין גאַס — דאָס הייסט, אין צענטער פון שטאָט, אַנטקעגן דעם שטאָט־זייגער און די גומיענער גאַסן — איז געווען לעבעדיק און פריילעך. די קראָמען זיינען געווען געשלאָסן און אַלע זיינען געווען אינדרויסן. מענטשן זיינען געקומען פון די עקן פון שטאָט צו הערן עפּעס אַ נייעם וואָרט. מענטשן האָבן זיך געפילט גאָר יום־טוב׳דיק, כאָטש דער וועטער איז ניט געווען גינסטיק. דער הימל איז געווען איינגעהאַנצן טונקל־גרוי און אויף דער ערד איז גע־לעגן דער צעטראָטענער בלאָטיקער שניי... אָבער די אַרבעטער־מאַסן האָבן איגנאָרירט דעם שלעכטן וועטער. זיי האָט הנאה געטאָן, וואָס דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג איז גע־לונגען אַרויסצורופן אַ גענעראַל־סטרייק איבער גאַנץ רוסלאַנד, וואָס האָט געקאָנט שטירצן דעם צאַרישן רעזשים.

## דער מאַניפעסט „קאָנסטיטוציע קאָנסיפּוציע״

אויפן דריטן טאָג האָט זיך אין גאַס פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער צאַר האָט אַרויסגעגעבן אַ מאַניפעסט — מיט צוזאָגן. חברה

האָבן זיך אַ היפּש ביסל געוויצלט איבערן „מאַניפעסט“, וואָס אַנ־דערע האָבן באַטראַכט ווי אַ קאָנסטיטוציע. שטייענדיק אויפן ראָג פון דער צווייטער גומיענער גאַס איז צוגעקומען צו אַ געזעמל מענטשן יעקב דער פּריקאַזטשיק פון די פּיאַסקעס, אַ הויכער על־טערער בחור, מיט קלוגע פלוימיגע ברוינע אויגן און זאָגט צו די פאַרזאַמלטע: „אידן, מיר האָבן שוין אַ קאָנסטיטוציע. מ׳וועט שוין באַלד מעגן מחדש זיין די לבנה אָן אַ ראַזרעשיעניע; מ׳וועט שוין קענען שטעלן באַנקעס אָן אַ פּלאַן“...

דער מאַניפעסט, ווי מ׳האָט דערוואַרטעט, איז געווען אַ קאַ־מופלאַש, אַ בלאָף. אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מען שוין גע־הערט זינגען דעם פּאָלגנדיקן ליד:

„צאַר איספּוגאַלסאַ דאַל מאַניפעסט, מיאָרטווים סוואָבאָדו זשיוויך פּאָד אַרעסט“ („דער צאַר האָט זיך דערשראָקן און גע־געבן אַ מאַניפעסט; פרייהייט די טויטע און טורמע די לעבעדיקע“).

דעם פערטן טאָג איז שוין דער סטרייק געווען געענדיקט. קראָמען זיינען שוין געווען אָפן, איזוואָזטשיקעס האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן, באַלעגאָלעס האָבן שוין געפירט סחורות, און דער לעבן איז צוריק געוואָרן נאָרמאַל.

## דער קאָזאַצקער פּאָגראָם פּסח, 1905

פונם מאַניפעסט, ווי שוין באַוואוסט, איז גאָרניט געוואָרן. די צאַרישע הענקערס זיינען געווען אַנטשלאָסן צו אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין ביאַליסטאָק און אין אַנדערע איב־דוסטריעלע שטעט אין גאַנץ רוסלאַנד. ניט האָבנדיק קיין צוטרוי צו דער פּאָליציי, וועלכע איז געווען אויסגעמאַטערט זוכנדיק די פירער פון די סטרייקס און דעמאָנסטראַציעס; און ניט וועלנדיק באַנוצן סאָלדאַטן, ווייל צווישן זיי האָבן זיך געפונען אויך זין פון אונטערדריקטע מינאָריטעטן־פעלקער, ווי אידן, פּאָליאַקן, אוקראַי־נער, לאַטישן, גרוזינער, אַרמענער, ליטווינען און אַנדערע (קנאַפּע פּאַטריאָטן פון „צאַר באַטיושקא“) — האָבן זיי אַריינגעשיקט אין שטאָט אַ גאַנצן באַטאַליאָן קאָזאַקן (עכטע רוסן), אויף ווען מ׳האָט

זיך „געקענט פּאַרלאָזן“... דער קאָזאַצקער באַטאַליאָן איז געשטאַנען ערגעץ הינטערן שטאָט, אָבער זיי פלעגן זיך באַווייזן איינציק ווייז אָדער פּאָרווייס אויף זייערע פערד אין די אָרעמע גאַסן און געסלעך, וואַרפנדיק בייזע בליקן אויף די קרעמער און דורכגייער, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „היט זיך, מיר זיינען דאָ! זייט געהאָרכזאַם, טשעפּעט ניט און רעדט ניט אויף אונדזער טייערן פּאָטערל... אַ ניט, אַ ניט — די נאַגאַיקע, און נאָך אפשר ערגער — דאָס ביקס“... אָבער די „אויפגאַבע“ פון דעם צאַרס „געטרייעסטע“ איז ניט געווען בלויז אַרומשפּאַצירן איבער די אָרעמע גאַסן און אָנשרעקן די באַפעלקערונג, נאָר אויך — און דאָס וויכטיקסטע — צו צעטרייבן אַרבעטער פאַרזאַמלונגען אין און אַרום שטאָט. האָט גראָד פּאַסירט, אַז איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט אַ קאָזאַק אויף אַ פערד פּרובירט אָפּצוברעכן אַ גרויסן מיטינג פון אַרבעטער אויף איינער פון די שול־הויף געסלעך. גאָר אָן אַ וואָרנונג האָט זיך אַ קאָזאַצקער „העלד“ אַרויפגעוואָרפן מיט דער בלייענער נאַגאַיקע אויף די פאַרזאַמלטע. אָבער פלוצלינג האָט עמיצער פון דער מאַסע אויסגעשאָסן, און דער קויל האָט ריכטיק געטראָפן דעם קאָזאַק און ער איז אַרונטערגעפאַלן פון פערד אַ טויטער.

דאָס דערשיסן דעם קאָזאַק, האָט מען געשמועסט אין שטאָט, איז געווען דער דריטער אַקט פון „פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט“, אָדער „דירעקטע אַקציאָן“, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן אין יענע יאָרן אַגיטירט — ראַכע נעמען פון די צאַרישע הענקער, וואָס האָבן פאַרגאָסן אַרבעטער־בלוט.

## די פּראָוואָצירנדיקע לוויה

אין דריי טעג אַרום איז פאָרגעקומען די לוויה פונם דערשאָסענעם קאָזאַק. מ'האָט אים אַרויסגעטראָגן אויף אַ מטה, דעם פּנים אָפּגעדעקט, פון דער לעטשעבניצע, וואָס אויף דער ברייטער נאַוואָליפּע, לעבן דעם „קייסערס טויער“, און אַזוי האָט מען דעם טויטן געטראָגן דעם גאַנצן לאַנגן וועג ביז צו דער רוסישער צערקווע, אויפן ראָג פון פּאָוויטשיזנע גאַס. אין פאָראויס זיינען גע־

גאַנגען הויכע מיליטערישע באַאַמטע, ווי גענעראַלן, פּאָלקאָווני־קעס, אָפיצערן און פון הינטן — אָפּטיילונגען פון סאָלדאַטן און קאָזאַקן. מיר איז צופעליק אויסגעקומען בייצוואוווינען די באַ־גרעבעניש פּראָצעסיע. דאָס טראָגן דעם דערשאָסענעם קאָזאַק מיט אַן אָפּגעדעקטן פּנים איז ביי יעדן איינעם פון די צוקוקער געווען באַטראַכט ווי אַ פּראָוואָקאַציע, אַן צווייפל. שטייענדיק צווישן אַ גרופּע מענטשן אויפן צעמענטענעם בריקל פון אַלטער דעם אַפּטיי־קערס קראָם האָב איך געהערט, ווי מען שושקעט זיך וועגן דער געפאַר, וואָס קאָן אַרויסקומען פון דער דאָזיקער לוויה. און אַלטער אַליין (דער זון פון מיין אַמאָליקן כאַראָשטשער מלמד) האָט מיר שטיל אַריינגערעדט אין אויער: „עס זעט ניט אויס צו־גוט. מיר זיינען אין סכנה״, און האָט מיך געראטן צו גיין אַהיים: „גיי אַהיים, לייבל, גיי אַהיים און וואָס שנעלער!״

כ'האָב אים געפאָלגט.

## דאָס דערוואַרטעטע איז ליידער געשען!

באַלד נאָך די „פּאָכאָראָנעס״, דעם צווייטן אָדער דריטן טאָג חול המועד פּסח, האָבן די קאָזאַקן אין ביאַליסטאָק אָנגעהויבן צו בושעווען גאָר אויפן גרויסן פּאַרנעם. אין די שפּעטיקע אָוונט־שטונדן האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזן איבער די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, צופוס, מיט בלייענע נאַגאַיקעס און געכאַפּט מערדערלעך שלאָגן אומשולדיקע מענטשן — מענער, פרויען, אידן, קריסטן און ווע־מען נאָר זיי האָבן אָנגעטראָפן גייענדיק אַליין (פאַר מער ווי איי־נעם האָבן זיי מורא געהאַט). זיי האָבן קיינעם ניט געשאַנעוועט. איך אַליין בין שיער־שיער געוואָרן אַ קרבן פון די קאָזאַקישע מער־דער. גייענדיק שפּעט אין אָוונט פאַרביי די דייטשע מאָגילקעס, איז פון אַ באַהעלטעניש אַרויסגעלאָפן אַ קליין־געוויקסיקער ניקאָ־לאַיס אַ „העלד״ און גענומען זיך נאָכיאָגן נאָך מיר. אָבער, צום גליק, בין איך געווען פלינקער פון אים. זיין נאגאיקע האָט בלויז דערגרייכט מיין שירעם, וועלכע די נאגאיקע האָט צעבראָכן. פון

וואָנעט ס׳האָט זיך ביי מיר גענומען כוחות צו לויפן שנעלער ווי דער קאָזאַק, קען איך עד היום ניט פאַרשטיין...

די קאָזאַצקע בושעוואַניע, אָדער ווי עס איז פון די צייטונגען שפּעטער באַצייכנט געוואָרן אַלס דער „קאָזאַצקער פּאָגראָם״, האָט אָנגעהאַלטן די אַנדערע האַלבע וואָך פון פּסח. מענטשן האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס. זיי זיינען געווען פּשוטע אַרעסטאַנטן ביי זיך אינדערהיים.

פּראָטעסטן קעגן די קאָזאַצקע רציחות זיינען אָנגעקומען פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן פון שטאָט. די ביאַליסטאָקער צייטונג „ביעלאָסטאָקסי ליסטאָק״ האָט שאַרף פאַרדאַמט די פּאָלקאָווניקעס און די אָפיצערן פאַר ניט האַלטן זייערע קאָזאַקן אונטער דיסציפּלין. קאָמיטעס פון אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן זיינען געגאַנגען אין קאָר־שול און אין פּאָלקאָוואָיעס בית־מדרש און אויפגעפאָדערט די רייכע באַלעבאַטים צו גיין צום פּאָליציימייסטער און טעלעגראַפירן צום גובערנאַטאָר און בעטן אים אָפּצושטעלן די קאָזאַצקע אַטאַקעס אויף אומשולדיקע ציווילע מענטשן. די פּראָטעסטן האָבן געווירקט.

(ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, ליבע לייענער און לייענערין, אַז פון די קאָזאַקן, פון וועלכע מ׳פלעגט זאָגן: „איכ׳ל בעסער אָנקוקן אַ פּאָלק קאָזאַקן איידער דיך״, אָדער „אַז אפילו אַ קאָזאַק קען רויט ווערן פון שאַנד״ — פון די דאָזיקע מערדערלעכע קאָזאַקן איז שוין קיין זייכער ניטאָ, פּונקט ווי עס איז שוין ניטאָ קיין געדעכעניש פון ניקאָלאַי דעם לעצטן מיט זיינע בלוטיקע פּאָגראָמען און פעלקער־אונטערדריקונג רעזשים.)

## מיין אייגענער קריזיס

דורך די פיר־פינף יאָר פון די אומרואיקע צייטן, וואָס ביאַליסטאָק האָט דורכגעלעבט, האָב איך געהאַט מיין אייגענעם קריזיס: ניט געקענט קריגן קיין שטעלע. טאַקע אויסגעשטודירט די טעאָריע פון בוכהאַלטעריע, מיט אַ היפּשע קענטניש פון רוסיש און דייטש און רעכענען. אָבער צו קריגן אַ שטעלע — קומט עס ניט.

די בוכהאַלטעריע פון מיין טאַטנס געשעפטן האָב איך געקענט אָפּ־פּטר׳ן אין ווייניקער פון אַ האַלבע שעה אַ טאָג, און די איבעריקע צייט — אַרומגיין ליידיק, און דאָס קריגן דעם נאָמען „באַלעבאַטי־שער ליידיקגייער״ האָט מיך שטאַרק געערגערט. אַ רוסישער גלייכ־ווערטל זאָגט: „אָט פּראַזדנאָסטי ראַדיטסאַ מנאָגאָ גאָריאַ אי סטידאַ״ (פון ליידיק אַרומגיין קומט אַרויס אַ סך צרות און שאַנד), און איך אַליין האָב פאַרזוכט דעם טעם פון דעם... האָב איך פּרובירט מיין מזל אין קעניגסבערג, דייטשלאַנד, וואו איך בין אַוועקגעפאָרן אָן דעם וויסן פון מיינע עלטערן — דאָס הייסט, אַנטלאָפן געוואָרן!

אין קעניגסבערג האָבן אין יענע יאָרן געוואוינט אידישע אימ־פּאָרטערס פון תבואה און פלאַקס און עקספּאָרטערס פון הערינג, סאַרדינען און אַנדערע פישן. אָט די דאָזיקע אימפּאָרטערס און עקספּאָרטערס האָבן באַשעפטיקט בוכהאַלטאָרן, וועלכע, אויסער דייטש, האָבן געמוזט קאָנען אויך רוסיש. איך האָב געהאָפט צו קריגן אַ שטעלע ביי איינעם פון די געשעפטסלייט, וואָס טוען גע־שעפטן מיט אויסלאַנד. כ׳האָב דאָרט געהאַט אַ פריינט, מאַקס קאַ־לינאָוויטש. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו באַמיען זיך פון מיינעטוועגן.

דורכגעלאָפן בשלום דעם גרענעץ דורך סואוואַלק און פיליפּאָווע, בין איך, אין אַ שיינעם פרימאָרגן אין אָקטאָבער, 1902, אָנגעקומען אין דער צווייטער גרויסער שטאָט פון פּרייסן. נאָר איידער כ׳האָב זיך געקענט אַרומקוקן, האָט אַ פאַסקודנער נפש, וועלכער האָט זיך צעקריגט מיט דער באַלעבאָסטע, פּרוי סידעלסקי, האָט איר פאַר־מסר׳ט פאַר דער פּאָליציי, אַז זי האַלט אין איר הויז „טריפה״ קוואַרטיראַנטן, וועלכע זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד אָן גובער־נאַטאָרסקע פּאַספּאָרטן. אַ האַלבע שעה שפּעטער בין איך שוין געווען אַ „גאַסט״ אין דער פּאָליציי־סטאַנציע און פאַרבראַכט אַ נאַכט צווישן גנבים, שיכורים און אַנדערע אויסוואורפן און גע־שלאָפן אויף אַ האַרטן הילצערנעם טאַפּטשאַן, ניט אויסגעטאָן, אָן אַ קישן און אָן אַ קאָלדרע...

דעם צווייטן טאָג אינדערפרי, אין באַגלייטונג פון גאַנצע צוויי שוץ־לייט, אין מעשענע קיילעכדיקע היטלען מיט שפּיצן (אין דער פאָרמע פון אַ ליכט), בין איך צוגעפירט געוואָרן צו דער באַן־

סטאַנציע, וואו איך האָב באַדאַרפט נעמען אַ צוג קיין פּראָסטקען. וואַרטנדיק אויף דער צוג אין דער „פּאָליציי סטאַציאָן" איז צוגע־קומען צו מיר אַ הויכער פּאָליציאַנט, מיט געדיכטע טונקל־ברוינע וואָנצעס, מיט אַ רימענעם קאַנטשיק, און מיך געוואָרנט ניט צו קומען נאָך אַמאָל אין „זיין" שטאָט. אַ ניט, וועל איך קריגן מיט „דעם־אָ", צוזירנדיק דעם קאַנטשיק צו מיין נאָז...

## „שפּעק" — וואָס איז דאָס ?

דער צוג צו דער גרענעץ־שטעטל פּראָסטקען האָט זיך פאַרשפּע־טיקט, און האָב געדאַרפט וואַרטן עפּעס אַ שטונדע צייט ; דערוויילט בין איך שטאַרק הונגעריק געוואָרן. כ'האָב געפרעגט ביי מיינע היטער צי איך קאָן דאָ קריגן עפּעס צו עסן.

— פרעסט דו שפּעק ? — פרעגט מיר דער זעלבער „לאַנגער פּרייס" (אין קעניגסבערג האָט מען אַ שלאַנקן דייטש גערופן : „לאַנגער פּרייס".)

— שפּעק ? — פרעג איך אים איבער, — וואָס איזט דאָס ? — איך האָב טאַקע ניט געוואוסט די באַדייטונג פונעם וואָרט. אין מיינע דייטשע לימודים האָב איך דעם וואָרט „שפּעק" קיין מאָל ניט באַגעגנט.

— שווײנען־פלייש, — איז געווען זיין ענטפער.

איך בין אים מוחל געווען דעם מאכל.

— „אַהאַ, איין יודע ! — האָט ער געבורטשעט, — איין יודע !"

אַזוי ווי מיר האָט געצויגן אין האַרצן עסן, און אַרויסלאָזן מיך אין גאַס צו קויפן עפּעס שפּייז האָבן מיר די „איידעלע" דייטשן אויך ניט געוואָלט, בין איך געוואָרן פאַרצווייפלט. אָבער אין דעם מאָמענט איז גראָד אָנגעקומען פרוי סידעלסקי מיט אַ געקאָכטן מיטאָג. זי האָט מיך פשוט מחיה געמאַכט. אָט די ליטווישע אי־דישע פרוי, סידעלסקי, אין די מיטעלע יאָרן, טונקל־ברוינע אויגן, אַ הינקעדיקע אויף אַ פוס, אַ קינדערלאָזע, איז זי געווען ווי אַ געטרייע מאַמע צו אַלע אָרעמע מענטשן, וועלכע זיינען געקומען זיך קורירן אין קעניגסבערגער באַרימטע שפּיטאָלן און קליניקס,

אָדער וואַרטן ביז קרובים וועלן זיך אָפּרופֿן פֿון אַמעריקע. האָט מען איר באַצאָלט פּאַר עסן און לאָזשי איז געווען גוט; אויב ניט — אויך גוט. זי האָט ביי קיינעם ניט געמאָנט און קיינעם ניט געטריבן. אַ זעלטן גוטער מענטש!

ענדלעך האָט מיך אַ זשאַנדאַר, אויך אין אַ מעטאַלענע מיצקע מיט אַ שפּיץ, צוגעפֿירט צו דער באַן, אַריינגעזעצט מיך אין וואַגאָן, און, ווי זיינע קאָלעגן אין דער סטאַנציע, אויך געוואָרנט ניט מער צו קומען אין „זיין" שטאָט — דאָס הייסט, ניט צו קומען אָן געלט און אָן אַ גובערנאַטאָרסקן פּאַספּאָרט. און אַזוי בין איך דעפּאָר־טירט געוואָרן („אויסגעוויזן". אין דייטש) פֿון דער שטאָט קעניגס־בערג, וועלכע איז דאַן געווען באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס מעדיצינישער צענטער, מיט אירע באַרימטע שפּיטאָלן און פּראָפֿעסאָרן, די היים פֿון דעם וועלט־באַרימטן דייטשן פֿילאָזאָף, עמאַנואל קאַנט און אַנדערע גרויסע פּערזענלעכקייטן.

איידער דער צוג האָט זיך גענומען רירן אויפֿן וועג צום רו־סישן גרענעץ, האָב איך נאָך אַמאָל — און צום לעצטן מאָל — גע־כאַפּט אַ קוק אויף דער גרויסער גרופּע גאַנץ הויכע, גרויע שמאָלע־פֿיר־עקיגע פֿענצטערלאָזע געביידעס — די שפּייכלערס, וואו עס ווערן געהאַלטן די תּבֿואות און די פֿלאַקס, וואָס קומען פֿון רוסלאַנד, איידער זיי ווערן אָפּגעשיקט מיט שיפֿן קיין ענגלאַנד און אַנדערע לענדער.

## אין פּראָסטקען און גראַיעווע

און אָט בין איך שוין אין דייטשער שטעטל פּראָסטקען, האַרט ביים רוסישן גרענעץ, אויף דער אַנדערער זייט פֿון דער רוסישער גרענעץ־שטעטל גראַיעווע. אַן „אַגענט" (אַ קאָנטראַבאַנדשטשיק) איז מיך געקומען נעמען און אַריבערגעפֿירט דעם גרענעץ. שעה'ן לאַנג זיינען מיר, איך און נאָך פֿיר אַנדערע אימיגראַנטן, געגאַנגען צו־פֿוס אין דער שטאָק־פֿינצטערער נאַכט, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ טייכל, געקראָכן ביז איבער די קני אין קאַלטן וואַסער, ביז מיר האָבן דערגרייכט די קליין שטעטל שטשוטשין, לאָמזער גו־

בער־ניע, און פון דאָרט אָפּגעפירט קיין גראַיעווע, דער פונקט פון וואַנעט מ׳פאָרט קיין דייטשלאַנד (מיט גובערנאַטאָסקע פּאַספּאָרטן) און צוריק, און וואו ס׳קומען אַריין פּראַכט־וואַגאָנען פון דייטשלאַנד און סחורות פון רוסלאַנד קיין דייטשלאַנד. אין דעם גרויסן וואָקזאַל איז געווען טומלדיק. איינוואוינער פון די צוויי גרענעץ־שטעטלעך זיינען געפאָרן אַהין און צוריק מיט „פּול פּאַסיקעס״, דאָס הייסט, האַלבע פּאַספּאָרטן (אין יענע יאָרן האָבן די צוויי רעגירונגען גע־שלאָסן אַן אָפּמאַך, אַז די וואָס וואוינען נאָענט צו די גרענעצן זאָלן קאָנען פאָרן קיין דייטשלאַנד און קיין רוסלאַנד מיט די פּול־פּאַסיקעס און פאַרברענגען דאָרט דרייסיק טעג). אין בופעט האָט מען אויך געקענט זען, ווי אַ פּרייסישער זשאַנדאַר און אַ רוסי־שער זשאַנדאַר מאַכן אַ לחיים. דער ערשטער, מיט דער ניקלנער מיצקע מיטן שפּיץ, זאָגט צו זיין רוסישן קאָלעגע: „נאַ זאַזאַ־דראַוויע!״ (אָנשטאָט „נאַזדאָראָוויע״) און דער צווייטער ענטפערט: „פּרוסט!״ (אין די צוויי שטעטלעך האָט יעדער איינער געוואוסט, אַז די זשאַנדאַרן פון ביידע לענדער מאַכן אַ היפּשע עקסטראַ רובלס און מאַרקן פון דער שמוגלייער פון סחרות און מענטשן, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין יענעם געגנט.

## צוריק אַהיים — דיזעלבע פּראָבלעם

קומענדיק צוריק אַהיים האָב איך זיך גוט אָפּגערוט פון די „דער־פאַרונגען״, וואָס איך האָב געהאַט מיט דער דייטשער פּאָליציי און מיט די קאָנטראַבאַנשטשיקעס, וועלכע האָבן מיך געפירט דורך געפערלעכע וועגן און וועלכע האָבן מיך באַ׳גנב׳עט... און איר האָב זיך אויך אויסגעטשוכעט פון מיינע זיסע חלומות צו ווערן אַ „דייטש״, אָדער צו פאַרברענגען דאָרט כאָטש אַ פּאָר יאָר און קו־מען צוריק קיין ביאַליסטאָק אַ „ציוויליזירטער״. וואָרום פון אָנ־פאַנג איז מיר טאַקע קעניגסבערג געפעלן געוואָרן. כ׳בין פאַרבייגע־גאַנגען די רייכע ציכטיקע גאַסן פון שטאָט; כ׳האָב געזען ווי מ׳ריי־ניקט די גאַסן מיט אַ ריזיקע גרויסע קיילעכדיקע האַרטע באַרשט געטריבן פון אַן עלעקטרישן מאָטאָר; געזען ווי איזוואָשטשיקעס אין

צילענדער היט לייענען ציימונגען און זשורנאַלן זיצנדיק אויף דער קעלנע — עטוואָס וואָס איך האָב אפילו ניט געחלומ׳ט צו זען אין אַלטן רוסלאַנד; כ׳האָב אויך געזען ווי מענטשן באַציען זיך איידל איינער צום צווייטן. אַ פּאָר וואָכן נאָך מיין אָנקוקן הינטער די שיינע ציכטיקע פאַראַדנע גאַסן, האָב איך געזען אַ היפשע צאָל אומציכ־טיקע גאַסן מיט פאַרפינצטערטע מויערן און, יאָ, אויך אַ גרויסע צאָל „בופקעס״ (זשוליקעס, כוליגאַנעס און אַנדערע פינצטערע פאַרשוינען).

## און וואָס ווייטער?

האָבנדיק זיך אויסגערוט פון מיין „וואַקאַציע״, איז אָבער פאַר־בליבן די זעלבע פּראָבלעם: וואו נעמט מען דאָך אַ שטעלע? מיין טאַטנס געשעפטן זיינען שוין געגאַנגען נישקשה׳דיק באַרג־אַראָפּ צו ערגער און ניט געווען ביי אים וואָס צו טאָן פאַר מיר, און איך האָב געמוזט געפינען אַ שטעלע. כ׳האָב געזוכט, געפרעגט, אָנגע־בעטן פריינט און באַקאַנטע צו לאָזן מיר וויסן ווען זיי וועלן הערן פון אַ וואַקאַנסיע ביי אימעצן. אָבער ניט געווען. אויסזיכטן אין ביאַליסטאָק צו קריגן אַ שטעלע אַלס בוכהאַלטער איז געווען זייער ווייניק. די פּאָר צענדליק גרויסע טוך און שאַדי פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט זייערע בוכהאַלטאָרן עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן גע־אַרבעט פאַר זיי יאָרן־לאַנג. די קליינע פאַבריקאַנטלעך האָבן זיך ניט גענויטיקט אין „שרייבערס״; זיי זיינען אַליין געווען זייערע בוכפירער, ניט געקענט קריגן אַ שטעלע אַלס פּריקאַזטשיק, ווייל די אַרבעט פון אַ פּריקאַזטשיק פאָדערט זיך צו קריכן אויף אַ לייטער און אַראָפּנעמען פון די הויכע פאָליצעס שווערע „קייקלאַך״ (שטי־קער טוך) און צוריק אַרויפטראָגן. אַזאַ סאָרט אַרבעט איז געווען ניט פאַר מיינע כוחות.

אָבער וואָס טוט מען פאַרט? ווי לאַנג קען מען אַרומגיין שלינג און שלאַנג? מה יהיה התכלית? (וואָס וועט זיין דער תכלית?) האָבן די פריינט געראַטן צו פאָרן קיין לאָדזש, דער צווייטער גרעס־טער טעקסטיל צענטער אין דער וועלט (מאַנטשעסטער, ענגלאַנד;

לאָדזש, פּוילן; פֿאָל־ריווער, אַמעריקע). אין לאָדזש, אַ שטאָט, וואָס איז זעקס מאָל אַזוי גרויס ווי ביאַליסטאָק, האָבן מיינע פֿריינט געדענקט, ווען איך מוזן צו עפּעס זיך דערשלאָגן. מיין קענטניש פֿון רוסיש, דייטש און פּויליש און בוכהאַלטעריע דאַרף ניט פֿאַר־לאָרן גיין. כ׳האָב אָנגענומען זייער פּראַקטישע עצה און מיין טאַטע האָט צוגעשטימט.

אין דער צווייטער גרעסטער שטאָט פֿון פּוילן מיט אירע גע־דיכט־פֿאַרבויטע גאַסן מיט הויכע מויערן, מיט אירע ריזיק־גרויסע טעקסטיל פֿאַבריקן מיט די הויכע קיילעכדיקע קוימענס — אין דער שטאָט האָב איך געהאַט מער מזל ווי אין מיין היים־שטאָט. איך האָב טאַקע געקראָגן שטעלעס, אָבער די דאָזיקע „דזשאָבס״ האָבן אָנגעהאַלטן, ווי מען זאָגט, פֿון „תענית אסתר ביז פּורים״. כ׳האָב זיך אויף זיי לאַנג ניט געהאַלטן.

די ערשטע שטעלע, וואָס איך האָב געקראָגן איז געווען ביי אַ פּוילישן חסידישן אידן מיטן נאָמען אברהם־מענדל מאָרגענשטערן. ער איז געווען דער אייגנטימער פֿון אַ שפּינעריי. אַ הויכער איד מיט אַ לאַנג טונקל־ברוינע באָרד, אָנגעטאָן אין אַ פֿולע היטל מיט אַ גרויסן קאַזירעק און אין אַ לאַנגע ציכטיקע גרויע קאַפּאָטע, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַן „אָסאָבע״. ער האָט גערעדט און געשריבן פּולקאָם דייטש און פּויליש (רוסיש — ניט אַ וואָרט). איי־דער ער האָט מיך געדונגען האָט ער מיר געהייסן אָנשרייבן די אַפּליקאַציע מיט מיין אייגענער האַנט אין דייטש. ווי נאָר איך האָב פֿאַרענדיקט שרייבן די ערשטע שורה: „דאָ איך געהערט האָבע דאָס זי ברויכן איינען בוכפּירער״, האָט ער מיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „גענוג!״ ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איך קען גענוג דייטש צו פֿירן זיינע ביכער.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַ פֿייאיקער מענטש איז ער אָבער שטענדיק געווען פֿאַרזאָרגט און פֿאַר׳דאגה׳ט. ער פֿלעגט אַרומלויפֿן זוכן אַרבעט פֿאַר דער שפּינעריי און געלט צו באַטרייבן זיין געשעפֿט, און האָט גאַנץ אָפֿט ניט געפֿונען. זיינע קונדן האָבן זיך ניט געאיילט, אָדער ניט געקענט, באַצאָלן אים פֿאַר אַרבעט אין צייט. ער איז שטענדיק געווען געענגט אין געלט. ס׳האָט

איין מאָל פּאַסירט, אַז ער האָט ניט געהאַט גענוג געלט פאַר דער „פּלאַטע" (אויסצאָלונג די אַרבעטער). ער איז געווען שרעקלעך נערוועז. צום גליק איז אַריינגעקומען אַ שכן פון דער זעלביקער פּאַבריק־געביידע און אַריינגעבראַכט אַ גמילת־חסד און געראַטעוועט די סיטואַציע. דאָס איז געווען פרייטאָג פאַרנאַכט, און מיין באַלע־באָס, אַ געדער חסיד, האָט שוין געקענט גיין אַהיים און מקבל שבת זיין אין זיין אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיטן גאַרטל...

נאָך דריי מאָנאַטן, ווי איך בין צו אים אָנגעקומען אַרבעטן, האָט דער פאַרדרייטער הער מאָרגנשטערן אַריינגענומען צו זיך אין קאַנטאָר זיינעם אַ פּלימעניק, וועלכער האָט זיך געניויטיקט אין אַ שטעלע און מיך האָט ער געלאָזט גיין.

## בוכהאַלטעריע און לערנען מיידלעך עברי

מיין צווייטע שטעלע איז געווען ביי אַ קאַסטן־מאַכער, וועלכער האָט געהאַט זיין קליינע פּאַבריקל אויף אַלעקסאַנדרינסקי גאַס (מ'האָט עס גערופן „מרדכי גבאי'ס" גאַס). אַזוי ווי קיין סך בוכ־האַלטעריע האָט דאָס געשעפט ניט געפאָדערט, האָט מיין נייער באַ־לעבאָס, אַ חסידישער איד, אין די פערציקער, פון מיטלוואוקס, מיט אַ קורץ־געשאָרענע שוואַרצע בערדל, מיר אָנגעבאָטן צו לערנען מיט זיינע טעכטערלעך עברי, — צו זאָגן ברכה, לייענען קריאת־שמע און אַנדערע רעליגיעזע „ענינים". איך האָב דעם אָנבאָט צו־ריקגעוויזן. עס איז געווען אונטער מיין ווירדע צו ווערן אַ דרדקי מלמד מיט אַ ביינערנע טייטל. ווען מיינע עלטערן אינדערהיים וואָלטן זיך דערוואוסט, אַז איך בין געוואָרן אַ „רבי" וואָלט זיך געטאָן חושך אין הויז, און מיינע פריינט, אין ביידע שטעט, וואָלטן זיך פּשוט אויסגעלאַכט און געקוקט אויף מיר טאַקע ווי אויף אַ „מלמד"... קורץ, איך האָב געמוזט זוכן אַן אַנדער שטעלע.

## אַ באַלעבאָס מיט אַ „רעפּוטאַציע"

מיין דריטער „ברויט־געבער" איז געווען אַ קליינער פּאַברי־קאַנטל, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ צען דאַמף־שטולן. פון הויכן

וואוקס, אין די מיטעלע פּופּציקער, מיט אַ קורצע ברוינע בערדל
זויז ער געוועןּ... האַלב חסידיש געקליידעט: אַ קורצער שוואַר־
ז:ער רעקל מיט אַ שוואַרצע טוכענע היטעלע מיט אַ קורצן קאַזי־
ו'עקל. גערעדט האָט ער דייטש און יידיש. מיט מיר אָבער האָט ער
וערעדט בלויז אין דייטש. (קענטיק, ער האָט געוואָלט ווייזן פֿאַר
מיר, דעם „ליטוואַק", אַז ער איז ניט קיין פּשוט'ער „איטשע מאיר").
וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט אין פּוילן זיינען אין יענע יאָרן
געווען פול מיט „איטשע מייערס". די סיבה דערפֿון איז געווען, וואָס
מיט אַ פּאָר יאָר פריער איז געשטאָרבן אַ באַרימטער חסידישער
רבי, וועמעס נאָמען איז געווען איטשע מאיר, האָט מען אַלע חסידישע
אינגלעך, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין יענעם יאָר, אַ נאָמען
געגעבן נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם „גוטן אידן"... אַ סך פון די
חסידים האָבן זיך פשוט געשעמט מיט דעם צוויי־עטאַזשנעם נאָמען.
איבער דעם דאָזיקן נאָמען האָט מען זיך געוויצלט, פונקט ווי מ'האָט
זיך אין דער ליטע געוויצלט איבער דעם נאָמען „מלמד". אָנשטאָט
„זיי ניט קיין מלמד", האָט מען אין די פוילישע שטעט געזאָגט:
„זיי ניט קיין איטשע מאיר!" אפילו מיין ערשטער באַלעבאָס, אברהם
מענדל מאָרגענשטערן, האָט זיך אויך געשעמט מיטן נאָמען איטשע־
מאיר. ווען ער האָט מיר איין מאָל געשיקט אַ גאַנג צו איינעם פון
זיינע קונדן, א. עם. גוטמאַן, האָט ער פון אָנפאַנג ניט געוואָלט
זאָגן זיין פולן נאָמען. אָבער ווען איך האָב ניט ווילנדיק אַ פרעג־
געטאָן דעם אמת'ן נאָמען פון זיין פריינט, האָט ער מיט אַ שמייכל
געענטפערט: „איטשע מייער").

## מיין דריטער באַלעבאָס

מיין נייער באַלעבאָס האָט מיר דעם ערשטן טאָג ניט גע־
וויזן די ביכער. ער האָט מיך בלויז געהייסן אַרומגיין איבער דער
פאַבריק און זיך באַקענען מיט די רויע מאַטעריאַלן, וואָס קומען
אַריין אין זיין פלאַץ און ווי די סחורה ווערט אויסגעאַרבעט.
ווען איך בין אין אָוונט געקומען אַהיים און דערציילט די אַנ־
דערע קוואַרטיראַנטן און דער לאָזשי־הויז, אַז איך האָב שוין מיט

מזל געקראָגן אַן אַנדער שטעלע ביי דעם און ביי דעם (זיין נאָמען האָב איך, ליידער, פאַרגעסן) האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט פון מיר, און געוואָרנט אונטער קיינע אומשטענדן ניט צו גיין אַרבעטן פאַר אים, וואָרום אויב איך וועל גיין אַרבעטן פאַר אים וועל איך אויף אייביק פאַרלירן מיין רעפּוטאַציע און קיינמאָל ניט קענען קריגן קיין אָנשטענדיקע שטעלע.

— וואָסי? — האָב איך געפרעגט. און דער ענטפער איז געוועזן, אַז מיין נייער ברויט־געבער איז אַ געוועזענער „יאַנקל שאַפּ־שאָוויטש" — (געוועזן דער אייגנטימער פון אַ „הייזקע"...

(שלום אַש׳ס העלד אין זיין „גאָט פון נקמה".)

איך בין צו אים מער ניט געגאַנגען — אפילו ניט מאָנען פאַר דעם טאָג אַרבעט.

## נייער באָס — אויפן שוועל פון באַנקראָט

מיין פּערטע — און די לעצטע — שטעלע אין לאָדזש איז געווען ביי דעם פאַבריקאַנט זעליג שאכנעראָוויטש, אויף פּעטריקאָווער גאַס. דער פּלאַץ האָט מיר אויסגעזען ווי געוואונטשן: אַ גרויסער לאַגער מיט פּאָליצעס פול מיט סחורה, אַ פריקאַזטשיק און אַ הויפּט בוכ־האַלטער, וועמעס נאָמען געדענק איך איז געווען אַבראַמסקי, אַ סימ־פּאַטישער בחור, וועלכער האָט מיר געוויזן וואָס צו טאָן און וועלכע ביכער איך דאַרף נוצן פאַר מיין אַרבעט. דער קאָנטאָר איז געווען צוזאַמען מיטן לאַגער. כ׳האָב געזען אַריינקומענדיק פאַרשיידענע מענטשן: קויפערס, מעקליירים, ליפעראַנטן (לוין־קעטניקעס האָט מען זיי גערופן אין ביאַליסטאָק; „קאָנטראַקטאָרס" אין אַמעריקע) און אַנדערע. אין אַ וואָך אַרום, אין אַ נאָכמיטאָג, קומט אַריין שאַכ־נעראָוויטש מיט נאָך אַ מאַן, אַ שלאַנקער בלאָנדער איד אין ברילן, און שטעלט מיר אים פאָר אַלס הער קאַץ, זיין נייער שותף. און בלויז עטלעכע טעג שפּעטער, ווען קיינער איז ניט געווען אין פּלאַץ, קומט צו צו מיר דער הער קאַץ (אַ מינסקער איד, שאַכנע־ראָוויטש — אַ גראָדנער ליטוואַק) און הייסט מיר פאַרשרייבן אין קאָנטע־בוך („לעדזשער", אין ענגליש), אַז עס איז פאַרקויפט גע־

וואָרן צו דעם און דעם אַזויפיל און אַזויפיל אַרשין סחורה אויף דעם און דעם פּרייז אויף דער סומע פון געוויסע דריי טויזנט רובל. פון אָנפאַנג האָב איך ניט געוואָלט אָננעמען אַזאַ באַפעל, דערקלערנ־דיק, אַז אַזוי פירט זיך ניט אין בוכהאַלטעריע.. ערשטנס, האָב איך אים געזאָגט, אַז איידער אַ טראַנסאַקציע ווערט אַריינגעפירט אין דעם הויפּט־בוך, דאַרף מען פריער זען דעם געשריבענעם „זאקאז“ (באַשטעלונג); דאַן שרייבט מען עס אַריין אין פאַרקויף־בוך און פון פאַרקויף־בוך פירט מען עס אַריין אין קאָנטע־בוך.

„שרייבט, שרייבט! — איז הער קאַץ אין כעס געוואָרן, — מ׳הייסט אייך שרייבן דאַרף מען שרייבן, פרעגט ניט קיין קשיות! — און איך האָב געמוזט שרייבן. כ׳האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט.

עפּעס אַ צוויי וואָכן שפּעטער האָט דער גאַנצער געשעפט זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער געביידע אויף דערזעלביקער פּיע־טריקאָווער גאַס. דער נייער „לאָקאַל“ איז געווען גרעסער, שע־נער, גראַמער און ליכטיעקר, ווי דער ערשטער פּלאַץ. אָבער מ׳האָט שוין ניט געזען אַזוי פיל מענטשן אַריינקומענדיק און אַרויסגייענ־דיק ווי פריער. דער „שותף“, הער קאַץ, איז גאָר פאַרפאַלן גע־וואָרן. אַבראַמסקי האָט זיך עטלעכע טעג ניט געיאַוועט אין גע־שעפט. ס׳איז געווען אומעטיקלעך... שאַכנעראָוויטש איז אַריין און אַרויס — לאַנג ניט פאַרבליבן. איין מאָל אין אַן אָוונט, ווען קיינער איז ניט געווען אין קאַנטאָר, קומט ער צו צו מיר און זאָגט מיר אָן די „גוטע בשורה“, אַז ער דאַרף מיך שוין ניט. די געשעפטן זיינען לא־עליכמ׳דיק און אַז איך זאָל בעסער זוכן אַן אַנדער שטעלע.

עטלעכע טעג שפּעטער איז אין שטאָט באַקאַנט געוואָרן, אַז שאַכנעראָוויטש פירמע איז „פּליטה געגאַנגען“ — באַנקראָט („אָנ־געזעצט“ אויף ביאַליסטאָקער לשון). און מיר איז אויך קלאָר גע־וואָרן צו וואָס מען האָט מיך גענוצט: צו מאַכן אַ פאַלשן אַריינ־פיר („פאָלס ענטרי“, אין ענגליש) אינעם הויפּט־בוך, וואָס איז אַ קרימינעלער אַקט, ווען די קרעדיטאָרן וואָלטן אים פאַרקלאָגט אין געריכט. אַבראַמסקי האָט עס, ווייזט אויס, ניט געוואָלט טאָן. ער האָט געוואוסט, אַז פאַר אַזאַ קרימינעלער אַקט איז ער, ווי דער באָס,

געווען פאַראַנטוואָרטלעך. איך האָב פון אַזאַ געזעץ ניט געוואוסט. מ'האָ מיך פשוט אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין... שאַכנעראָוויטשעס באַנקראָט איז צו די געריכטן ניט דערגאַנגען. ער האָט מיט די קרעדיטאָרן „געסעטלט“ („רעגולירט“, אויף דער ביאַליסטאָקער און לאָדזשער קאָמערציעלע שפּראַך).

## צוריק אַהיים

קורץ, איך בין שוין ווידער אַ קאַנדידאַט פאַר אַ נייע שטעלע. אָבער — ניטאָ! געזוכט, געזוכט, געפרעגט, אָנגעבעטן פריינט און באַקאַנטע צו טאָן עפּעס פאַר מיר. אָבער — אומזיסט! ניטאָ קיין וואַקאַנסיע. אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, אַ מאָנאַט נאָך אַ מאָנאַט און קיין שטעלע ווייזט זיך נאָך אַלץ ניט. אָנגעליען ביי וועמען איך האָב נאָר געקענט. זיך פאַרשולדיקט ביז איבערן קאָפּ: שולדיק געבליבן פאַר לאָזשי, פאַרן עסן אין רעסטאָראַנט, דעם שפּייזקרעמער — אַזוי אַז עס איז שוין ניט געווען פאַר וואָס צו „פּיסקעווען“ (וואָס אין מויל צו נעמען) און נאָך אַלץ ניטאָ קיין אויסזיכט פאַר פרנסה. און איך האָב געמוזט פאָרן אַהיים, וואו איך וועל צום וויניקסטן האָבן וואו דעם קאָפּ צוצולייגן און עפּעס אָפּצועסן.

## ביטערע דעראינערונגען

פאַרלאָזנדיק די גרויסע טעקסטיל שטאָט, וועלכע האָט דאַן פאַרמאָגט אַ אידישע באַפעלקערונג פון אומגעפער 150 טויזנט נפשות, האָב איך מיטגענומען עטלעכע ביטערע דעראינערונגען: איך האָב געזען ווי די פּאָליציי האָט אין אַ זומערדיקן זונטאָג נאָכמיטאָג פון 1903 אָפּגעבראָכן אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע; ווי איין גראָבער פּאָליציאַנט, מיט אַ רויטן קאַרק, האָט געכאַפּט אַ יונגן אידישן דעמאָנסטראַנט, רציחה'דיק, בעסטיאַליש אים געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַ בלייענע נאַגאַיקע אויפן וועג צו דער פּאָליציי־

סטאַנציע. איך האָב אויך געזען ווי אַן אַנדער פּאָליציייסקע, מיט גזל׳נישע אויגן, האָט צוגענומען דעם בייטש ביי אַן איזוואָזטשיק. דער איזוואָזטשיק, אַ פּאָליאַק (קיין אידישע „דראָשקאָרניקעס" זיי־נען אין לאָדזש און וואַרשע ניט געווען), האָט ביטער געוויינט, ווייל אָן דעם בייטש קען ער ניט אַרויספאָרן. איך בין צוגעגאַנגען צו דעם מערדערישן געוויסנלאָזן פּאָליציייסקי און אים געפרעגט, פאַר וואָס ער האָט צוגענומען ביי דעם אָרעמען איזוואָזטשיק דעם בייטש און אים געבעטן אים צוריק צו געבן דעם בייטש: „ער דאַרף דאָך פאַרדינען אויף ברויט, האָב אויף אים רחמנות".

„ניע טוואָיאָ דיעלאָ!" — האָט ער געענטפערט מיט כעס, — „סטופּאַי!" (ניט דיין עסק — אַוועק פון דאַנעט!).

(אין שטאָט האָט מען געשמועסט, אַז די צאַרישע רעגירונג האָט אומישנע אַריינגעשיקט אין די פּוילישע שטעט עכטע רוסן, געווע־זענע פאַרברעכער — מענטשן אָן געוויסן, אָן אַ ברעקל רחמנות — און זיי געמאַכט פאַר פּאָליציאַנטן, כדי זיי זאָלן קאָנען אונטערדריקן און טעראָריזירן די אַרבעטער־באַוועגונג און די פּוילישע פּאַטריאָ־טישע פאָלקס־מאַסן בכלל.)

איך האָב אויך געהאַט די „זעלטענע געלעגנהייט" צו זען, ווי אידישע וועבער „לעבן" אויפן באַלוט, דער אָרעמער געגנט פון דער רייכער לאָדזש — אַ געגנט פון וועלכן עס האָבן געשריבן אַ צאָל אידישע שרייבער, ווי יצחק אלחנן ראָנטש, רפאל פאָוזנער, גינאַ מעדעם, י. ב. ביילין און אַנדערע.

דעם ליפּעראַנט, וועמען איך האָב געדאַרפט זען, האָט געהאַט זיין פאַבריטשקע און „וואוינונג" אין איין קליינעם פיר־עקיגן צי־מער, אויפן דריטן שטאָק פון אַ לאַנגע טונקל־גרויע הילצערנע געביידע, אין אַ גאַנץ שמאָלע געסל. ס׳איז געווען שפּעט אין אָוונט. אַריינקומענדיק אין דער פאַבריטשקע אין איין קוואַדראַטנעם צי־מער, האָב איך געפונען דריי הילצערנע וועב־שטולן — איינעם פאַרן באַלעבאָס און צוויי פאַר די געזעלן. אַנטקעגן דעם ערשטן שטול איז געווען די פּליטע, אויף וועלכע ס׳האָט זיך געקאָכט וועטשערע. לעבן דער פּליטע איז געשטאַנען אַ וויגעלע מיט אַ

בלאָנדע עופה׳לע. די געזעלן, זאָגט מיר דער ליפּעראַנט, שלאָפן אונטער די שטולן, אונטערגעבעבעט מיט שטיקער רויע געוואַנט אָדער זעק.

דעם באַלעבאָס „וואוינונג“ האָב איך ניט געזען, און ניט גע־פרעגט. דער שטאַרקער געדוך פון די קעראָסין־לאָמפּן האָט מיך פּשוט דעם אָטעם פאַרכאַפּט, און איך האָב געמוזט וואָס גיכער פאַר־לאָזן די פאַבריקל מיט דער גהינום׳דיקער לופט.

— גוט וואָס איר זענט געקומען, — מאַכט צו מיר דער באַ־לעבאָס, אַ איד אין די פערציקער, מיט אַ ברייטע געלע באָרד, — זאָלן בוכהאַלטערס טאַקע וויסן ווי אַזוי וועבערס לעבן.

אַרויסגייענדיק אין דרויסן האָב איך זיך געוואונדערט, ווי אַזוי קענען קינדער אויסוואַקסן פיזיש און גייסטיק געזונט, האָדעווענ־דיק זיך אונטער אַזעלכע אומשטענדן, ווי איך האָב דאָס געפונען ביי דעם וועבער אויף דער באַלוט. און מ׳האָט אין שטאָט געוואוסט, אַז אָרעמע עלטערן וואַרפן אַרויס ניט געראָטענע קינדער אין גאַס. אין יענע יאָרן, 1902, 1903 און 1904 האָט שוין אין לאָדזש פונק־ציאָנירט אַ אידישער פרויען־פאַראיין, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אויפקלייבן די אַרויסגעוואָרפענע אומגליקלעכע קינדער און זיי אַריינגעבן צו פּריוואַטע פאַמיליעס צו האָדעווען זיי. קאָמיטעס פון די דערמאָנטע פרויען־אָרגאַניזאַציע פלעגן קומען יעדע וואָך באַ־זוכן „זייערע“ קינדער און ברענגען זיי מתנות.

איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זען אַ רירנדיקן בילד פון אַ באַגעגעניש פון דער פרייוויליקער „סאָשל וואָירקער“ מיט אַ שטור־מען זעקס־יאָריקן אינגל. ווי נאָר דער שטומאַק האָט דערזען דער וואָלונטירין, אַן אינטעליגענטע שוואַרץ־חנ׳עווודיקע מיידל, אין די צוואַנציקער, איז ער איר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז, געקושט און געוויינט מיט ביטערע טרערן. ער האָט אין דער דאָזיקער גוט האַרציקער מיידל געזען זיין איינציקע האָפענונג, ווייל ער האָט ניט געוואוסט פון קיין טאַטן, פון קיין מאַמען, און די פאַמיליע, ביי וועלכע ער האָט געוואוינט, האָט זיך באַצויגן צו אים זייער ניט סימפּאַטיש.

## אַ מעשה מיט פאַרביטענע פאַרשימלטע תפילין

פאַר די קנאַפּע צוויי יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין לאָדזש האָב איך ווייניק־וואָס נחת געהאַט פון דער שטאָט — צוליב די סיבות וואָס דער לייענער ווייס שוין פון פריערדיקע קאַפּיטלען. נאָר איין מאָל האָב איך מיט נאָך עטלעכע באַקאַנטע בחורים יאָ געהאַט אַביסל שפּאַס. און דאָס איז געווען די „פּאַסירונגל“ מיט פאַרביטענע פאַרשימלטע תפילין.

די מעשה פון דער געשיכטע, ווי שלום־עליכם זאָגט, איז אַזוי געווען: אין דער לאָדזש־הויז פון פרוי עפּשטיין, אויף ווידזעווער גאַס, זיינען איינגעשטאַנען פינף קוואַרטיראַנטן — פיר ליטוואַקעס — פון בריסק, קאָברין, פינסק און פון ביאַליסטאָק (איך) — און אַ קורץ־געקליידעטער פרומער בחור׳ל פון אַ פּראָווינציעלער שטעטל אין פּוילן. איידער מיר זיינען אָפּגעפאָרן קיין לאָדזש זוכן שטעלעס, אָדער צוריק פון וואַקאַציע, האָבן אונדזערע מאַמעס אונדז שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן למען־השם ניט פאַרגעסן צו דאַווענען און לייגן תפילין. מיר, ליטוואַקעס, אַוועקפאָרנדיק פון דער היים, האָבן ווי דורך אַ כשוף, פאַרלאָרן דעם חשק צו דאַווענען — ניט אינדערוואָכן און ניט שבת און יום־טוב... און אַז מ׳האָט ניט געדאַווענט און ניט געלייגט קיין תפילין זיינען די רצועות און די „בתים“ פון של־יד און של־ראש פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ דיקן גרינעם העסלעכן שימל... ווען ס׳איז געקומען דער ערב יום־טוב, ווען מיר האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן אַהיים אויף וואַקאַציע, איז יעדער ליטווישער קוואַרטיראַנט געווען שטאַרק פאַרנומען מיט אָפּווישן דעם שימל מיט אַ נאַסע הייסע שמאַטקע, כדי די מאַמעס זאָלן ניט זען דעם שימל, ווייל ווען זיי, די מאַמעס, דערזען דעם גרינעם שימל, וואָלטן זיי פאַרשטאַנען, אַז מ׳האָט די תפילין ניט „גענוצט“... און עס וואָלט אויסגעבראָכן סקאַנדאַלן — עטוואָס וואָס די בחורים האָבן, נאַטירלעך, געזוכט צו פאַרמיידן. אָבער דער פּוילישער יונגערמאַן האָט ניט געדאַרפט רייניקן זיינע תפילין. ער איז געווען פרום און געדאַווענט יעדן טאָג. איין מאָל, אין אַן

ערב יום־טוב׳דיקן פרימאָרגן, ווען מיר זיינען געווען פאַרנומען מיטן ווישן איז איינער פון די ליטוואַקעס פון קאָברין (לוקין איז געווען זיין נאָמען) פלוצלונג פויל געוואָרן צו רייניקן זיינע רע־ליגיעזע מכשירים. ער האָט אָבער אין דערזעלביקער צייט געוואָלט ברענגען אַהיים ריינע. איז אים איינגעפאַלן אַזאַ מיטל: ווען דער פוילישער פרומער בחורל איז אַרויס פון הויז עפּעס איינקויפן, איז ער, לוקין, אַ געזונטער בחור מיט אַ פּאָר לעבעדיקע, שוואַרצע אויגן, צוגעגאַנגען צום טישל, וואו ס׳איז געלעגן דעם פוילישנס תפילין־זעקל, אַרויסגענומען די ריינע און אַריינגעלייגט זיינע פאַר־שימלטע און דער אייגנטימער פון די ריינע האָט גאָרניט געוואוסט...
ווען ער איז געקומען אַהיים אויף יום־טוב און זיין מאַמע האָט דערזען די „גרינע״ פּאַסיקעס האָט זי געמאַכט געוואַלדן, אַז איר מוזיניקל איז שוין געוואָרן אַן אפיקורס... דער זונעלע (זיין צוויי־טער נאָמען איז געווען מערילענדער, אַ בלאָנדער בחורל מיט פאַר׳חלומ׳טע בלויע אויגן) האָט זיך געשוואָרן מיט טויטע שבועות, אַז ער האָט יאָ געדאַוונט. אָבער זיין גוטע, פרומע מאַמע האָט אים ניט געגלויבט, און ער אַליין האָט נעבעך געמוזט ווישן דעם שימל פון לוקינס תפילין... קענטיק, אַז ער האָט ניט געוואָלט נוצן זיין טאַטנס אָדער אַן עלטערן ברודערס תפילין...

קומענדיק צוריק פון זיין וואַקאַציע אויף דעם קוואַרטיר האָט דער „פוילישער אינגל״, ווי מיר האָבן אים אָפּט גערופן, גענומען שרייען אויף אַלע „ליטוואַקעס״, געשריען אין דייטש און אין אי־דיש מיטן פוילישן אַקצענט און זיי געזידלט פאַר דעם עגמת־נפש, וואָס זיי האָבן אים פאַרשאַפט מיטן פאַרבייטן זיינע ריינע אויף אומריינע, און געפאָדערט, מ׳זאָל אים אָפּגעבן זיינע תפילין. דריי פון אונדז האָבן אים געוויזן די תפילין, אָבער לוקין האָט געזאָגט, אַז ער האָט „פאַרגעסן״ מיטצונעמען זיינע תפילין און זיי געלאָזט אינדערהיים... ווען דער באַ׳גנב׳עטער פרומער מערילענדער האָט אויפגעהערט צו שרייען, האָט ער זיך אַליין האַרציק פאַנאַנדערגע־לאַכט פון דעם שפּיצל, וואָס דער קאָברינער לוקין האָט אים אָפּ־געטאָן. און גלויבט מיר, ליבע לייענער, אַז ס׳איז געווען פון וואָס צו לאַכן...

## צוויי שטעלעס — אויף הינערשע פיסלעך

קומענדיק צוריק אין ביאַליסטאָק, אין זומער פון 1904, בין איך באַלד געוואָרן פאַרנומען (אויפן אַמעריקאַנער אידישן לשון — „ביזי״) — זוכנדיק שטעלעס. אַ פּאָר מאָנאַטן נאָך מיין אָנקומען האָב איך יאָ געקראָגן צוויי שטעלעס. אָבער בעת די לאָ־דזשער פיר שטעלעס האָבן אָנגעהאַלטן, ווי פריער באַמערקט, פון תענית־אסתר ביז פּורים, זיינען מיינע ביאַליסטאָקער שטעלעס פון אָנהויב־אָן געשטאַנען טאַקע, ווי דער אויסדרוק גייט, אויף הינערשע פיסלעך. זיי האָבן שוין ביידע געהאַלטן ביי דער גסיסה...

מיין ערשטער דזשאָב אַלס בוכהאַלטער איז געווען ביי אַ לע־דער־קאָמיסיאָנער, וועלכער פלעגט אויפקויפן האַלב־אויסגעאַרבעטע לעדער און דאָס אַוועקגעבן צום „וואַלקער״ פאַרטיק צו מאַכן זיי פאַרן שוסטער. און די פאַרטיק־אויסגעאַרבעטע שטיקלעך האָט ער אַוועקגעשיקט צו זיינע קונדן אין ערדיטשעוו (אָדער ווי שלום־עליכם זאָגט: באַרדיטשעוו) — זיין היים־שטאָט. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן זיינע בערדיטשעווער קונדן, וועלכע פלעגן באַצאָלן באַלד, ווי זיי האָבן אַריינגעקראָגן די סחורה, האָבן זיך עטלעכע מאָל פאַרשפּעטיקט אַריינצושיקן זייערע געלט־אָנווייזונגען און ער איז געבליבן אָן מיטלען — ניט געהאַט מיט וואָס זיך „צו דרייען״, ווי סוחרים רופן דאָס. דער וואַלקער האָט אים ניט געקענט העלפן, ווייל ער אַליין האָט אויך ניט געהאַט קיין גרייטע געלט, האָט ער די סחורה פאַרזעצט ביי אַ פּראָצענטניק. און מיין בערדיטשעווער באַלעבאָס, אַ געזונטער אידל מיט אַ קורצע שוואַרצע בערדל, האָט נעבעך געמוזט גיין צום פּראָצענטניק, באַצאָלן אים צינזן און לאַגער־געלט, אויב ער האָט געוואָלט אַרויסנעמען די פאַרזעצטע סחורה. קורץ, עס האָט לאַנג ניט גענומען — און אויס געשעפט!

## די טוך און שניידער־פירמע

מיין צווייטער „דזשאָב״ איז געווען ביי אַ גרויסאַרטיקע שניי־דעריי און טוך־פירמע אויף דער רייכער רעזידענץ און קאָמער־

ציעלער וואַשליקאָווער גאַס. די אייגנטימער פון דער פירמע זיי־
נען געווען צוויי אידן. איינער, דער זאַקראַישטשיק (קאַטער), אַ
גאַנץ הויכער איד מיט אַ קורצע געדיכטע טונקל־ברוינע בערדל
און אין ברילן; דער צווייטער — אַ בלאָנדער יונגער מאַן — דער
שניידער. אין פראָנט פון דער קראָם איז געווען דער טוך־לאַגער
און הינטער דער קראָם — די שניידעריי. די צוויי שותפים האָבן
געמאַכט „זאַקאַזנע" אַרבעט („מעיד טו אָרדער", אין ענגליש) פאַר
די סאַמע שמעטענע פון ביאַליסטאָק — גבירים, פראָפעסיאָנאַלן,
הויכע באַנק באַאַמטע און מיליטערישע באַאַמטע, וועלכע האָבן זיך
געגוויטיקט אין ציווילע (שטאַטישע) קליידער.

אַלץ איז געווען גוט און פיין: אַ שיינע סטאָר, ס'זיינען אַריינ־
געקומען גאַנץ אינטעליגענטע מענטשן: לערער פון דער רעאַל
און קאָמערץ שולן, באַנק־אַנגעשטעלטע, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און
אפילו ריכטער. די אַלע האָבן געפירט צווישן זיך אינטערעסאַנטע
געשפּרעכן. אָבער צוזאַמען מיט דער אינטעליגענץ זיינען אויך גע־
קומען מאַנער: איינער איז געקומען מאַנען פאַר האָלץ און קוילן;
אַ צווייטער — פאַר שניידערישע הוצאות; אַ דריטער — פאַר טוך;
דער באַלעבאָס פון דער הויז — דירה־געלט; שניידערס וואָס האָבן
אַרויסגענומען אַרבעט; ס'איז אפילו געקומען אַ איד מאַנען פאַר
פּאַפּיראָסן (אין יענע יאָרן האָבן אַ סך אידן זיך דערנערט פון מאַכן
ציגאַרעטן אין געהיים און פאַרקויפן זיי אין גרויסע טאָוועלנע
קעסטלעך צו באַשטימטע קונדן, אָפּנאַרנדיק דער רעגירונג). און אַז
ער האָט ניט געקראָגן, האָט דער אָרעמער פּאַפּיראָסניק זיך פאַנאַנ־
דערגעוויינט... איין מאָל, אין אַ פרייטיק אינדערפרי, קומט אַריין
אַ שניידער־קאָנטראַקטאָר און געמאַכט געוואַלדן, אַז ער מוז האָבן
געלט צו געבן זיין ווייב צו מאַכן שבת.

אָבער דער אינטערעסאַנטסטער מאַנער איז געווען דער קאזיאָ־
נער ראַבינער, דר. מאָהיליעווער (אַן אייניקל פון דעם פאַרשטאָר־
בענעם ביאַליסטאָקער רב, ר' שמואל מאָהיליעווער, וועלכער איז
געווען באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס „ראשון לציון",
איינער פון די ערשטע ציוניסטן, — ל. ה.). די באַלעבאַטים האָבן
געוואוסט, אַז דער ראַבינער האָט געגעבן אַן אָנצוג מיט אַ מאַנטל

צו פאַרריכטן און פּרעסן. האָט מען געגעבן אַן אַרבעטער אָפּצו־טראָגן די אַרבעטער צום געהויבענעם און פּיל־געאַכטעטן קונד. איז דער שניידער־אַרבעטער, וואָס האָט געדאַרפט אָפּטראָגן די „אַרבעט" צום ראַבינער, גראָד געווען אַ שיכור. האָט ער פאַר־זעצט די בגדים אין אַ לאָמבאַרד און פאַר'שיכור'ט דאָס געלט... דר. מאָהיליעווער האָט שטרענג געפאָדערט די בגדים אָדער באַ־צאָלט; און האָט אויסדריקלעך געזאָגט די שניידער־באַלעבאַטים, אַז ער וועט זיינס אויפמאָנען דורכן געריכט... ס'זיינען אויך גע־קומען אַנדערע בעלי־חובות. און די גאַנצע קראָם האָט אויסגעזען ווי ביי שלום־עליכמ'ס „שימעלע סאָראָקער". די טיר האָט זיך ניט צוגעמאַכט פון די מאָנער. און קיין געלט צו באַפרידיקן די „קרע־דיטאָרן" איז ניט געווען. די רייכע אינטעליגענטע קונדן, וועלכע האָבן זיך אויסגעפּוצט אין די שיינע עלעגאַנטע קליידער האָבן „פאַרגעסן", אַז דעם שניידער דאַרף מען אויך באַצאָלן. כ'האָב אַרויסגעשיקט בריוו אין רוסיש, דייטש און אידיש, בעטנדיק די „איידעלע" קונדן צו דערליידיקן זייערע שולדן צו דעם שניידער, אָבער זייער ווייניק האָבן געענטפערט, און די וועלכע האָבן יאָ געענטפערט, האָבן צוגעשיקט אַ צענט חלק פון דער סומע, וואָס זיי זיינען שולדיק געווען. און מיינע אָרעמע באַלעבאַטים זיינען ממש דערשטיקט געוואָרן פון מאַנגל אין געלט, מיט וואָס זיך צו „קערעווען".

## די קראָם „באַ'גנב'עט" — שותּפים זידלען זיך, שלאָגן זיך און — אוים געשעפט

אַריינקומענדיק איין טאָג אינדערפרי, האָב איך דערזען אַ מאָ־מאָדנעם בילד: אַ פולע קראָם מיט מענטשן — באַקאַנטע און אומ־באַקאַנטע — און די פּאָליצעס, וואו ס'זיינען געלעגן טייערע סחורות — ליידיק! די מענטשן האָבן געשריען און געליאַרעמט. די צוויי פּאַרטנערס האָבן באַשולדיקט איינער דעם אַנדערן, אַז ער האָט אַרויסגעג'גנב'עט די סחורה. דעם צושניידערס אַ שוועגערין, אַ ברו־נעטע מיידל פון אַ יאָר דרייסיק, האָט גאָר געמאַכט געוואַלדן:

„מיין נדן, מיין נדן!“ האָט זי געשריען, ניט ווויסנדיק אָדער זיך געמאַכט ניט וויסנדיק, אַז איר אייגענער שוואָגער האָט געמאַכט דעם „דזשאָב“... און אַ פעטער פון דעם שניידער, אַ הויכער איד מיט אַ בלאָנדער בערדל און אין ברילן, האָט געשריען: „וואָס האָט איר געטאָן צו מיין אָרעמען פלימעניק?“ און פאַר דעם שרייען האָט ער באַלד געקראָגן אַ פייערדיקן פאַטש פון דער ברונעטער מיידל.

אַ גאַנצן טאָג האָט מען זיך געהאַלטן אין איין זידלען און שרייען. שפּעט נאָכמיטאָג איז מען זיך צעגאַנגען. דער שניידער אָבער איז געבליבן אין דער ליידיקער קראָם און די מאַסטערסקאַיאַ. ער האָט איינגעגראָבן דעם פּנים אין די הענט און ביטער זיך פאַנאַנדערגעוויינט...

די טרויעריקע ענדע פון מיינע צוויי ביאַליסטאָקער און לאָדזשער באַלעבאַטים איז געווען בלויז אַ ביישפּיל פון דער הילפלאָזער לאַגע, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען טויזנטער קליינע געשעפטסלייט אין דער אַלטער היים, וועלכע צוליב מאַנגל אין קליינע קרעדיטן, זיינען אונטערגעגאַנגען. די באַנקען זיינען פאַר זיי געווען געשלאָסן; די פּריוואַטע פּראָצענטניקעס האָבן פאַרלאַנגט אַזוי הויך ווי 18 פּראָצענט פאַר די הלוואות פון פאַרזעצטע סחורות. אַ סך פון די דאָזיקע „מעלקאָסאָבסטווענִיקעס“, ווי מ׳האָט זיי באַצייכנט אין יענע יאָרן, האָבן ניט איבערגעלעבט זייערע צרות. גאַנץ אָפט האָט מען געהערט פון קראַנקהייטן פון נערוועזיטעט, קאנסער (ראַק), פון וועלכע עס זיינען געשטאָרבן אַ היפּשע צאָל פון זיי. אַנדערע האָבן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. פאַר מיינע צייטן האָבן דריי פאַבריקאַנטלעך געמאַכט אַן ענדע צו זייער לעבן: לייבל אַש, יאַנקל קאַץ און יאקאָוו האַלפערן, אַ פּראָמינענטער איד פון דער אַריסטאָקראַטישער ניי־שטאָט גאַס. די ערשטע צוויי האָבן זיך אַרונטערגעוואָרפן אונטער אַ לויפנדיקן באַן־צוג, און דער דריטער האָט זיך אויפגעהאַנגען. וועגן אים האָט מען געשמועסט אין שטאָט, אַז כאָטש ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן מויער, איז ער געקומען צו אַזאַ טראַגישן צושטאַנד, אַז ער האָט שוין ניט געהאַט וואָס צו געבן זיין פרוי אויף דער הוצאה, און האָט געמוזט אַרויסנעמען

זיינע צוויי זין פון דער רעאַלנע אוטשילישטשע (די צוויי בחורים, וועלכע איך האָב געקענט פון יאַפּע׳ס שולע, האָב איך אָנפאַנג 1905 געטראָפן אין ניו־יאָרק. ניט קענענדיק קיין אידיש און ניט קיין ענגליש, זיינען זיי געוואָרן צייטונגס־טרעגער. זיי האָבן געאַרבעט פאַר אַ צייטונגס־אַגענטור און פאַנאַנדערגעטראָגן „פּייפּערס“ אין פּריוואַטע הייזער. זייער קענטניש פון לאַטיין, גריכיש און פראַנ־צויזיש, מאַטעמאַטיקס, וואָס זיי האָבן געלערנט אין דער „רעאַלנע“, וווא בלויז פינף פּראָצענט אידן האָט מען אַריינגענומען — איז די געלערנטע און אַריסטאָקראַטיש־דערצויגענע בחורים׳לעך גאָרניט צוניץ געקומען...).

## ווידער אַ „פרייער“ מענטש

מיט דעם אונטערגאַנג פון דער טוך און שניידעריי־פירמע, האָב איך, פאַרשטייט זיך, פאַרלאָרן מיין שטעלע, און געמוזט זוכן אַן אַנדערע. אָבער זוך היינט, זוך מאָרגן — אַוועק וואָכן, מאָנאַטן און ניטאָ וואָס צו טאָן. מיין גאַנצע „אַרבעט“ איז באַשטאַ־נען פון גיין פון די פּיאַסקעס אין גאַס און צוריק — מיטן שטע־קעלע (אין די ניינציקער יאָרן און אין אָנפאַנג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז אין מיין שטאָט געווען אין דער מאָדע פאַר בחורים צו גיין מיט אַ שטעקן און פרויען מיט אַ שירעם. ניט נאָר באַלעבאַטישע בחורים, נאָר אויך אַרבעטער, ווי וועבערס, גאַרבערס, שניידערס האָבן געטראָגן שטעקלעך. איין מאָל האָט געטראָפן, וואָס איך האָב פאַרגעסן מיטנעמען מיין שטעקעלע, האָט מיין טאַטע אָנ־געשריען אויף מיר. „אַ קעשענע־גנב“, האָט ער געזאָגט, „גייט אָן אַ „שטעקל“ (מחמת, ווי באַוואוסט, פאַר אַ קעשענע־גנב אַ שטע־קעלע וואָלט געווען אַ שטער צו זיינע „אָפּעראַציעס“ אין פרעמדע קעשענעס — אָן „אַרבעט“, צו וועלכע מ׳דאַרף דאָבן צוויי לידיקע הענט...).

פון אַרומגיין אָן באַשעפטיקונג האָב אדי זיך געפילט זייער מי־זעראַבל. כ׳האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. לייענען האָב איך ניט געקענט — ס׳איז אין קאָפּ ניט געקראָכן. ווען איך האָב

איין מאָל יאָ געפּאַסט מוט און גענומען אַ בוך אין האַנט, איז באַלד צוגעקומען אימיצער פון הויז מיט אַ פאָרוואורף: „וואָס יחסנ׳סטו זיך אַזוי? גיי בעסער זוכן אַ שטעלע, זוך עפּעס צו פאַרדינען!“ דאָך האָב איך באַוויזן דורכצולייענען אַ האַלבן טוצן ביכער. אָבער בלויז אין רוסיש. קיין אידישער בוך האָט ניט געטאָרט אַריינ־קומען אין אונדזער הויז. דער טאַטע האָט ניט געוואָלט, אַז איך זאָל לייענען ביכער אין אידיש, אָדער זשאַרגאָן, ווי ער האָט עס גערופן: „די שפּראַך פון דינסט־מוידן“ (כאָטש ער אַליין האָט גע־רעדט אידיש און געשריבן בריוו אין אידיש ווען ער איז געווען אַוועק פון דער היים.)

ריידנדיק וועגן אידיש דערמאָן איך זיך אָן דעם פאַקט, אַז אין יענע יאָרן האָט מען געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר איינעם, אָדער איינער, וואָס האָט ניט גערעדט — ניט געקענט אָדער ניט גע־וואָלט — ריידן אונדזער מאַמע־לשון. אַ אידישער בחור, וואָס האָט גערעדט בלויז רוסיש, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן יחסן. און דער אָדער די, וואָס האָבן געהאַט נאָענטע קאַנטשאַפט מיט אַ רוסיש־ריידנדיקן בחור, אָדער מיידל, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ יחסן נור־מער 2. און גאַנץ אָפט האָט מען געהערט נאַאיווע יונגע מענטשן זיך באַרימען, אַז זיי האָבן זיך נאָר־וואָס באַקאַנט מיט אַ רוסאַק אָדער אַ רוסאַטשקע. אַ בחור פון אונדזערן אַ שכן קומט איין מאָל אַריין אין הויז און דערציילט מיין שוועסטער, אַז ער האָט זיך נעכטן באַקענט מיט אַ פריילין — אַ אידישע מיידל — וואָס קען ניט אַ וואָרט אידיש. ווען מיין שוועסטער האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ס׳קאָן ניט זיין, אַז אַ אידישע טאָכטער, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אין אַ אידישע הויז, דאַרף פאַרשטיין און ריידן אידיש, האָט דער ענטוזיאַסטישער רוסאַק זיך געשוואָרן, אַז ער זאָגט דעם אמת. „זאָל איך קרענקען, — האָט ער אויסגעשריען, — „אויב זי קען ריידן אַ וואָרט אידיש“...

## וואָס איז צו טאָן?

איך מוז זיך אומקערן צו מיין פּראָבלעם: וואָס טוט מען, אָדער ווי דער רוסישער באַרימטער שרייבער טשערנישעווסקי זאָגט:

„טשטאָ דיעלאַט ?" אָדער ווי דער תנא זאָגט : „מה יהיה התכלית ?" טאַקע וויפל איז דער שיעור אַרומצוגיין לײדיק, אָן אַ גראָשן געלט אין קעשענע און בעטלען ביי דער מאַמען אַ פּיאַטאַק (פינף קאָפּי־קעס) אויף אַ פּעקל פּאַפּיראָסן ? (איך האָב דאַן, ניט היינט געדאַכט, גערויכערט) אַז ס'איז פּאָרט ניטאָ קיין אויסזיכט אויף אַ שטעלע ? טאָ וואָס דאַרף איך טאָן ?

האָב איך גענומען טראַכטן וועגן זיך לערנען אַ מלאכה — פּאַר אַ וועבער, גאַרבער, אַ שניידער. ווען איך האָב דאָס דערמאָנט דעם טאַטן איז ער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער : „סטייטש !" — האָט ער געשריען, — „יאָשע הינדעסעס אַ זון אַ „וועבערוק, אַ שניידערוק !" (אַזוי האָבן פּאַבריקאַנטן גערופן באַלמעלאָכעס). כאָטש מיין טאַטנס געשעפטן, ווי שוין פריער באַמערקט, זיינען געגאַנגען נישקשה'דיק באַרג־אַראָפּ, איז אָבער דער פּוסטער שטאָלץ פאַרבליבן. און אַזוי איז געווען דער פאַל מיט אַלע אַנדערע פאַבריקאַנטלעך, וועלכע פלעגן ניט זעלטן אַרומלויפן זוכן צו לייען אַ „דרייערל אויף שבת", אַ „פינפערל אויף פּורים" און אַ „25קער אויף פּסח". זיי, די טוך און שאָדי פאַבריקאַנטן — גרויסע און קליינע — האָבן זיך באַ־טראַכט פאַר די „אויבערשטע פון שטויסל". אויף יעדן איינעם, וואָס האָט ניט באַלאַנגט צו דער פאַבריקאַנטסקער „בראַנזשע" האָט מען געקוקט פון אויבן אַראָפּ — אפילו אויף די רייכע וואַלד־און תבואה־הענדלער און אויך אויף די פּראָפעסיאָנאַלן, ווי דאָקטוירים, אַד־וואָקאַטן, לערער און סתם געבילדעטע מענטשן בכלל.

## אַמעריקע — די איינציקע ליי־זונג

וויבאַלד קיין שטעלע קריג איך ניט און לערנען זיך פאַר אַ באַלמעלאָכע אויך ניט — טאָ וואָס טוט מען פאָרט ? די לאַגע אין הויז איז געווען זייער אַן אָנגעצויגענע. אַ רוסישער שפּריכוואָרט זאָגט : „אָט פּראַזדנאָסטי ראָדיטסאַ מנאָגאָ גאָריא אי סטידאָ" (פון אַרומגיין לײדיק קומען אַרויס אַ סך צרות און שאַנד) און איך האָב דאָס טאַקע דורכגעלעבט. גייענדיק אין גאַס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדער באַקאַנטער שכן טייטלט אויף מיר מיט די פינגער און

בורטשעט: „אַ באַלעבאַטישער פּוסט־און־פּאַסטניק״, אַ פּוילנצער, ער האָט „שטיינער אין די אַרבל״ (דעם אויסדרוק: „ער האָט שטיינער אין די אַרבל״ האָט מען דאַן באַצייכנט יעדן איינעם, וואָס האָט ניט געקאָנט קריגן קיין אַרבעט אָדער אַן אַנדער באַשעפטי־קונג). און דערצו נאָך האָבן מיר דערגאַנגען די יאָרן די שדכנים. די דאָזיקע שדכנים, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוואוסט פון אַ באַפרייטן (פון פריזיוו) בחור האָבן זיך געצויגן ווי אַ פּאַראַד צום בחור׳ס הויז. וואָס האָבן זיי, די לעקישעוואַטע אידן, געוואָלט פון מיר? ווי אַזוי האָב איך געקאָנט אפילו דענקען פון אַ שידוך, אַז איך פאַרמאָג ניט אַ קאָפּיקע ביי דער נשמה? אָבער זיי זיינען געקומען סיי ווי סיי. צי זיי האָבן אויסגעפירט צי ניט, אָבער כיבוד האָבן זיי געקראָגן — אַ גלעזל טיי מיט צוביים. ס׳איז פון זיי פשוט ניט געווען אויס־צוהאַלטן. איין טאָג שאַרט זיך אַריין אין אונדזער הויז אַ מיטל־יאָריקער איד מיט אַ ברייטע גרויע באָרד און וויל מיר ריידן אַ שידוך מיט אַ מלמד׳ס אַ טאָכטער. מיין טאַטן איז דער שידוך גאָר־ניט געפעלן געוואָרן. — אַ מלמד מיר פאַר אַ מחותן?! — איז ער אין כעס געוואָרן.

דער שדכן („מעטשמעיקער״, אין ענגליש) האָט פּרובירט זיך צו פאַרטיידיקן.

— ער לערנט מיט חתנים, — האָט ער געוואָלט באַרואיקן מיין דערצאָרנטן פאָטער.

— אָבער ער איז דאָך פאָרט אַ מלמד! — האָט זיך מיין שטאָלצער טאַטע געבייזערט. ער האָט געפילט ווי אַרויסצוטרייבן דעם בטלן, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן. אָנשטאָט דעם האָט ער אַ כאַפּ־געטאָן זיין ווינטערדיקן אויבעררא̈ק און אַרויס פון הויז. דער נאַאיווער איד האָט נעבעך ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס מיין טאַטע האָט זיך אַזוי געבייזערט וועגן דעם שידוך מיט אַ מלמד...

## דער דורכגעפאַלענער טעראָריסטישער אַקט

די לאַגע אין ביאַליסטאָק איז דאַן געווען זייער אַן אָנגעצויגענע. די טעראָריסטן האָבן באַנייט זייערע אַקטיוויטעטן. אין אַ פרימאָרגן

פונעם חודש אָקטאָבער, 1904, האָט דער אַנאַרכיסט, נאטקע, פון וואַשליקאָווע, אַ געזונטער בלאָנדער בחור׳ל פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ קאַסאָקע אויג, צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר, געוואָרפן אַ באָמבע אין דער פּאָליציי־סטאַנציע. די באָמבע האָט אויפגעריסן אין דער פאַרקערטער ריכטונג, און ביידע חברים זיינען אומגעקומען.

די פּאָליציי איז ווילד געוואָרן פון כעס אויף די אידישע פּראָ־לעטאַריער און אינטעליגענטן. אין מיטן נאַכט זיינען אָבלאַוועס גע־מאַכט געוואָרן אויף הונדערטער היימען, אַרעסטירט אומשולדיקע יונגע מענטשן. אַגענטן פון דער „אָכראַנקע" און פּאָליציילייט זיינען געשטאַנען אויף די קאָרנערס פון די הויפּט־גאַסן און נאָכגעשפּירט יעדן איינעם אויף וועמען זיי האָבן געהאַט אַ פאַרדאַכט אין באַ־טייליקן זיך אין די טעראָריסטישע אַקטן.

קורץ, דאָס לעבן איז געוואָרן פּשוט אומדערטרעגלעך. יעדער בחור און מיידל איז געשטאַנען אין שאָטן פון טורמע. און פאַר מיר איז געבליבן דער איינציקער אויסוועג: אַמעריקע. און וואָס שנע־לער. די מאַמע, ווי אַלע מאַמעס, האָט פון אָנפאַנג באַדויערט, וואָס איך פאָר אַוועק אויף אייביק פון דער היים. אָבער זי איז ענדלעך געווען צופרידן מיט מיין פאַרלאָזן די היים, די שטאָט און רוס־לאַנד, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז סוף־כל־סוף וועל איך אַריינ־פאַלן אין די לאַפּעס פון דער פּאָליציי, פּונקט ווי אַ זון פון אירע אַ קוזינע, יאַנקל פישער, אַ זון פון קיווע דעם מעקלער, איז אומשול־דיק אַרעסטירט געוואָרן, און זיין טאַטע האָט פון עגמת־נפש גע־קראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע און איז אין אַ פאָר טעג אַרום געשטאָרבן. דער איינציקער אין דער משפחה, וואָס איז געווען קעגן און אומ־צופרידן מיט מיין אַוועקפאָרן איז געווען דער טאַטע. ער האָט געהאַט דעם באַגער און די אַמביציע צו מאַכן פון מיך אַ „פּופּצן הונדערט־רובלדיקן בחור", דאָס הייסט, אַ בחור וואָס קריגט פּופּצן הונדערט רובל נדן. אָבער, ווי זאָגט דאָרט דער גלייכווערטל: „בויט ברעכט אייזן". מיין איינציקע ברירה זיך צו באַפרייען פון מיין אומדערטרעגלעכע לאַגע און פאָרן קיין אַמעריקע, האָט צונישט גע־מאַכט מיין שטאָלצן פאָטערס אַמביציע... און איך פאָר טאַקע.

## דאָס געזעגענען זיך

אין אַ קילן פרילינג פאַרנאַכט, אַ וואָך אָדער צוויי נאָך פסח, פון דעם יאָר 1905, בין איך שוין געשטאַנען ווייט פון צענטער פון שטאָט, לעבן דער פּאָליעסער באַן, אַרומגערינגלט פון משפחה און קרובים און שכנים, וועלכע האָבן מיר געבעטן אָפּצוגעבן גרוסן צו אייגענע און זיך משתדל זיין פאַר זיי צו שיקן שטיצע און, אויב מעגלעך, אַריבערנעמען זיי אין דעם נייעם לאַנד. און אַזוי ווי מיר האָבן געשמועסט מיט גרויס זאָרג וועגן מיין צוקונפט אין אַמעריקע, איז פּלוצלונג צוגעקומען אַלטער דער „אַגענט", אַ שלאַנקער איד אין די הויכע דרייסיקער, מיט אַ זייער קורץ־געשאָרענע בלאָנדע בערדל, און זאָגט כמעט אין אַ באַפעלערישן טאָן: „שוין צייט!" און באַלד האָט זיך אָנגעפאַנגען, ווי דער שטייגער איז, קושעניש, געוויין, און ווידער קושן מיט טרערן...

— פאַרגעס ניט אָן אונדז! — האָט די מאַמע געבעטן, ווישנדיק די טרערן.

אַ פינף מינוט שפּעטער בין איך שוין געזעסן אין אַ לאַנגן וואָגן מיט נאָך דריי פּאַסאַזשירן, וועלכע זיינען געפאָרן אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס איך — אַמעריקע.

די זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין, ווען דער וואָגן מיט די פיר באַזאָרגטע פּאַסאַזשירן האָט זיך גענומען רירן אויף דער לאַנגער אומעטיקער רייזע. אַ דריי מייל אויפן וועג צום נאָ־ענטסטן דאָרף, צווישן פעלדער און וועלדער, האָט אונדז באַגלייט די אונטערגייענדיקע זון — דער ריזיקער רויטער פייערדיקער „באַל". צייטנווייז האָט זיך דער רויטער קיילעכדיקער „פייער" באַ־האַלטן הינטער די שווימענדיקע טונקעלע וואָלקנס, ווידער אַרויס־געקומען און ווידער זיך באַהאַלטן, ביז ער איז ענדלעך אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן, און די פור מיט די אָנגעשראָקענע עמיגראַנטן איז אַריינגעפאָרן אין דער שטילער פינצטערע נאַכט... מיר האָבן ניט גערעדט. די אַגענטן האָבן אונדז שטרענג פאַרבאָטן צו ריידן, כדי ניט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי. די ערשטע דריי האָבן געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, וואָרום זיי זיינען געווען

אַנטלאָפענע פון דער רוסיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה, וואָס איז נאָך דאַן אָנגעגאַנגען, כאָטש עס האָט שוין געהאַלטן ביים סוף.

שלאָפן כסדר דורך דער נאַכט איז געווען אוממעגלעך. דיר פור האָט געטרייסלט. אָט כאַפּ איך אַ דרעמל און אָט כאַפּ איך זיך אויף און ווידער און ווידער אַזוי די גאַנצע נאַכט. און אַזוי דרעמלענדיק און אויפכאַפּנדיק זיך האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די בילדער, וואָס איך האָב געזען אין מיינע סאַמע קינדער־יאָרן אויף די פּיאַס־קעס. איך האָב פאַר זיך דערזען דעם מייל־לאַנגן און ברייטן גרי־נעם פעלד אַנטקעגן אונדזער הויז (נאָך איידער עס האָבן זיך אויפ־געבויט די „אַרגענטינער" געסלעך), וואָס האָט זיך געצויגן ביזן וואַלד אַריין — דער וואַלד וואו מיר, חדר־אינגלעך, האָבן דורך די זומערדיקע מאָנאַטן, שבת נאָכן עסן, זיך געשפּילט, געטאַנצט, גע־שפּרונגען, געריסן וויטקעס און געזונגען פאַרשיידענע פאָלקס־לי־דער; וואו אונדזער חבר, שמעון, אַ צען־יאָריקער אינגל, מיט אַ פולן פּנים מיט זומער־שפּרינקלעך, האָט אין זיין הייזעריקע שטימע געזונגען אין האַלב־העברייאיש און האַלב־אידיש:

„אני ביער הלכתי, הלכתי;
קול צפּורה שמעתי, שמעתי,
האָבן זיי געזונגען ראָ־ראָ
ואיני אחריות ואיני רע".

וואו אַן אַנדער שוואַרץ־אויגיקער אינגל האָט געזונגען אַ רירנדיקן ליבעס־ליד, וואָס ער האָט געהערט פון דער דינסט־מיידל אין זיין הויז:

„אַז איך דערמאָן זיך אָן דיר, מיין זיס־לעבן, זיץ איך און טרויער און וויין"...

כ'האָב אויך „דערזען" אין דעם זעלבן וואַלד מיט דער „גרי־נער אַלייע", וואו טויזנטער אידישע בחורים און מיידלעך פון די פּיאַסקעס און כאַנאַיקעס האָבן שפּאַצירנדיק אָדער זיצנדיק אין אָוונט אַרום אַ ברענענדיקן בערגל געזונגען אַזעלכע אָנגענעמע האַרציקע אידישע, רוסישע פאָלקס און פּראָלעטאַרישע לידער, ווי:

„שלאָף מיין קינד, שלאָף כסדר,
זינגען וועל איך דיר אַ ליד,
אַז דו וועסט עלטער ווערן
וועסטו וויסן דעם אונטערשייד.

און נאָך אַ וויג־ליד פון ה. ד. נאָמבערג:

„עס לויפן און ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס,
און עס וועיעט אַ ווינט,
פון סיביר שיקט דיר דיין טאַטע איין גערוס, מיין קינד".

און אויך דער באַקאַנטער בונדיסטישער ליד:

עס לעבע אין רוסלאַנד, אין ליטע און פוילן
דער אידישער אַרבעטער־בונד" א. אַז. וו.

און ווידער, דאַכט זיך מיר, אַז איך הער דעם אידישן פאָלקס־ליד:

„פלאַקער, פייער, פלאַקער,
קנאַק אונדז פריילעך צו"

און ווידער די רוסישע פאָלקס־לידער:

און ווידער דאַכט זיך מיר, אַז איך הער ווי די ציוניסטיש־געזאַנגענע זינגען מיט גרויס באַגייסטערונג די „התקוה" און דעם אידישן פויערים־ליד:

„גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער.
אונדזער הילף ביזטו אַליין.
— נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין;
נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין!"

און אָט אַזוי האָט זיך געצויגן די לאַנגע אומעטיקע מאָנאָטאָנע רייזע צו די גרענעץ־שטעטלעך. די נאַכט איז געווען אינגאַנצן פינצטער. אויפן הימל האָט זיך ניט באַוויזן קיין איין שטערן. ער־

טערוויז האָט דער הימל אויסגעזען ווי פאַרכמאַרעט — אַן אָנזאָג אויף רעגן... שלאָפן איז געווען אוממעגלעך, און וואַכעדיק האָט מען, צוליב דער פינצטערניש, ניט געקענט זען די פעלדער, די וועלדער, די טייכלעך, דורך וועלכע מיר זיינען געפאָרן. ניט קענענדיק איינשלאָפן בין איך געווען וואַכעדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן... און ווידער דערזע איך די בילדער פון דעם ווייטן אַמאָל. אָט זע איך און הער, ווי אַ גרופּע, זיצנדיק אַרום דעם פייערדיקן בערגל, זינגען דאָס ציגיינער־ליד: „מאָי קאָסטיאָר וו טומאַניע סוויעטיט, איסקרי גאַסנוט נאַ ליעטו״.

און נאָך אַמאָל „זע״ איך דעם וואַלד מיטן אַרומגעצאַמטן פּאַרק, מיט „צערטלס בופעט״, מיט דער אָפענער סצענע וואו וואו מ׳האָט אונדז דעם ערשטן מאָל (אין 1902 אָדער 1903) געוויזן די ערשטע „מואווינג פּיקטשור״ („ב־י־אָ־ס־ק־אָ־פּ״, האָט מען עס דאַן גערופן) און וואו מיר האָבן אויך צום ערשטן מאָל דערזען, ווי אַ נעגערשע פּאָרל האָט געגעבן אַ פאָרשטעלונג, און שוואַנגערנדיקע פרויען האָבן אויף די נעגערס ניט געוואָלט קוקן, מחמת זיי האָבן מורא געהאַט אַז קוקנדיק אויף די צוויי שוואַרצע וועלן זיי, חלילה, געבוירן שוואַרצע קינדער...

כ׳האָב אויך „דערזען״, אינם זעלבן פּאַרק, די רזיקע גרויסע גרויע הילצערנע טעאַטער־געביידע וואו איך האָב געהערט אַזעלכע אינ־טערעסאַנטע אָפּעראַס, ווי „פאַוסט״, „איל טראַוויאַטאַ״, „גוגענאָטן״, די פּוילישע אָפּעראַ „גאַלקאַ״, די דייטשע אָפּעראַ דער „פּאָגל־הענד־לער״, די היסטאָרישע אידישע דראַמע „אוריאל אַקאָסטאַ״, גאָגאָלס „רעוויזאָר״ און אַנדערע אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונגען.

אין דעם זעלבן טעאַטער האָב איך געזען אַ מאָדנעם באַלעט: ווי עס טאַנצן קוכאַרעס מיט קוכאַרקעס, סאָלדאַטן מיט דינסט־מייד־לעך, פּאָלקאָווניקעס מיט פּאָלקאָווניצעס, מיטל־יאָריקע פּריצים און פּריצה׳ס, קופּצעס מיט קופּטשיכעס, פּראָפעסאָרן מיט לערערינס, און אַקטיאָרן מיט אַקטריסעס — אַלע אָנגעטאָן אין פּאַסנדיקע קאָסטיומען און געמאַכט זייערע אייגנאַרטיקע מימיקס. וואָס פרעגט איר? ס׳איז געווען וואָס צו זען!...

## דער פּיאַסקאָווער אידישער טעאַטער

יאָ, כ'האָב אויך געזען אין חלום דעם אידישן „טעאַטער" אויף די פּיאַסקעס. ווי קומט אַ אידישער טעאַטער אויף די פּיאַסקעס? פרעגט איר — די פּיאַסקעס, וואָס איז דער סאַמע עק פון שטאָט?

דער ענטפער איז: אויף די כאַנאַיקעס און אין די שמאָלע אַרבעטער־געסלעך צווישן כאַנאַיקעס און די פּיאַסקעס האָבן זיך געפונען אַ פּאָר צענדליק בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן גע־פילט, אַז זיי קענען זיין שוישפּילער. האָבן זיי געדונגען דעם אַמ־דורערס זאַל (אַ זאַל פאַר אָרעמע חתונות) און געגעבן זייערע פאָר־שטעלונגען (אָן דעם וויסן פון דער פּאָליציי) דורך די טעג פון חול־המועד פון דיביידע לאַנגע יום־טובים. געשפּילט האָבן זיי מאַ־טינע (בייטאָג). מיר, חדר־אינגלעך, האָבן אויסגעבעטלט ביי דער מאַמען די צענערלעך (פינף קאָפּיקעס, צען גראָשן) אויף אַ בילעט. געזען האָב איך בלויז גאָלדפאַדנ'ס צוויי קאָמעדיעס: „קבצנזאָן און הונגערמאַן" און „שמענדריק".

פון דער ערשטער שפּיל געדענק איך גאָרניט. פון דער צוויי־טער געדענק איך דעם ליבעס־ליד:

„ניין, דוד, ניין, דוד,\
דו האָסט מיך שוין ניט ליב!\
ניין, דוד, ניין דוד, דו האָסט מיך שוין ניט ליב.\
אַזאַ לאַנגע צייט אָפּצורייזן\
און מיר קיין בריוו ניט צו שרייבן.\
היינט פרעג איך ביי דיר, ענטפער מיר,\
צי הייסט עס אַ ליבע ביי דיר?\
ניין, דוד, ניין, דוד,\
דו האָסט מיך שוין ניט ליב:\
ניין, דוד, ניין, דוד, דו האָסט מיך שוין ניט ל־יי־ע־ב!"

די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שעה שפּעטער און מיר, אינגלעך, האָבן מורא געהאַט, אַז די חברה האָט ביי אונדז אויס־גענאַרט די „צענערס" און אַז זיי וועלן גאָרניט שפּילן. נאָר פּלוצ־

לונג איז אַרויסגעקומען פון הינטערן פאָרהאַנג אַ פעסט־געבויטער אידל, אין די ערשטע פערציקער, מיט אַ פעמפּעקל, מיט אַ שפּי־ציקע ברוינע בערדל, און האַלטנדיק די זשמעניע קופּערנע מטבעות אין פויסט, האָט ער גענומען קלאָגן, אַז ס'איז ניט אַריינגעקומען גענוג געלט. ס'וועט אפילו ניט זיין אויף אַ פעסל ביר, „אַ פעסל ביר!“, האָט ער כמעט ווי געוויינט. מיר, קינדער, האָבן אים גאָרניט געקענט העלפן, ווייל מער ווי די פינף קאָפּיקעס האָבן מיר ניט געהאַט. אָבער די עטלעכע עלטערע באַזוכער האָבן אים אַריינ־געוואָרפן אַ פּאָר „מתים“ (צען קאָפּיקע שטיק) און ער, דער פאַר־וואַלטער, איז פאַרשוואונדן געוואָרן הינטער דער בינע און די שפּיל האָט זיך אָנגעפאַנגען.

## דער טעלעפאָן, דער „וואָדאָפּראָוואָד“ און „די קאָנקע“

עפענענדיק די אויגן האָב איך געקוקט אויף דעם פאַרכמאַרעטן הימל. עס האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועלן מיר האָבן אַ „נאַסע“ רייזע... אָבער די געציילטע שטערנדלעך, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט ערטערווייז, האָבן מיר באַרואיקט און אַז קיין רעגן וועלן מיר ניט האָבן אויף אונדזער וועג צו דער גרענעץ־שטעטל. מיינע מיטפּאַ־סאַזשירן האָבן געשמאַק געשלאָפן און ניט נאָר געשלאָפן, נאָר אויך גאַנץ נישקשה'דיק געכראָפּעט... איך האָב ניט געקענט שלאָפן. אָט האַלט איך די אויגן אָפן און אָט — פאַרמאַכט; אָבער ס'שלאָפט זיך ניט... און ווידער קומען מיר אויף די געדאַנקען בילדער, אונטערגעהערטע געשפּרעכן פון דעם ווייטן אַמאָל, ווען אין ביאַ־ליסטאָק איז איינגעפירט געוואָרן דער טעלעפאָן. און איך הער, ווי איזוואָזטשיקעס קלאָגן, אַז דער טעלעפאָן נעמט צו ביי זיי אַ שטיק פּרנסה; ווען אין שטאָט איז איינגעפירט געוואָרן דער „וואָ־דאָפּראָוואָד“ און די וואַסער־פירער און וואַסער־טרעגער קלאָגן, אַז די „וואָדאָקאַטשקע“ וועט זיי מאַכן פּאָר בעטלער; ווען די „קאָנקע“ (טראַמוואַי), געטריבן פון פערד, איז געקומען קיין ביאַליסטאָק, און די איזוואָשטשיקעס קלאָגן ווידער, אַז די נייע טראַנספּאָרטאַציע מיט־לען וועט זיי אַריינטרייבן אין באָגאָדיעלנע... און איך הער, ווי

די גוי־אישע קאָנדוקטאָרן קלאָגן שבת: „נימאַ זשידקאָוו, נימאַ דיט־קאָוו״ (אַ „דיטקע״ איז געווען אַ דריי־קאָפּיקענע מטבעה) און דעם ליד, וואָס אַ בדחן האָט פֿאַרפֿאַסט לכבוד דער „קאָנקע״:

„אונדזערע מענער גיבן צענטער,
אונדזערע זשידקעס גיבן דיטקעס,
האָט איר דאָס אַמאָל געהערט,
אַז די קאָנקע גייט אויף פֿערד?״

(די קאָנקע איז געווען איינגעטיילט אין צוויי „קלאַסן״: אין פֿראָנט זיינען געווען לאַנגע האַרטע בענקלעך לענג־אויס פֿון ביידע זייטן. הינטן זיינען געווען ווייכע זיץ־פּלעצער. דער פֿאָלק איז געפֿאָרן זיצנדיק אויף די בענקלעך, וואָס האָט געקאָסט דריי קאָ־פּיקעס אָדער אַ דיטקע. די רייכערע זיינען געפֿאָרן פֿון הינטן, אויף די ווייכע שטולן, און געצאָלט אַ צענער, פֿינף קאָפּיקעס).

## ניקאָלאַים „מאָנאָפּאָלקע״

און דער עמיגראַנטישער וואָגן ציט זיך לאַנגזאַם איבער די דאָרפֿישע שליאַכן פֿאַרביי די שטעטלעך קנישין, גאָניענדז (גראָדנער גובערניע) און די שטעטלעך יעדוואַבנע, סטאַוויסק, לאָמזער גובער־ניע) און איך קען נאָך אַלץ ניט איינשלאָפֿן. און ווידער זע איך די בילדער פֿון דער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. און אָט זע איך דעם וואַרעמען פֿאַרנאַכט פֿון אויגוסט, 1897, ווען די צאַרישע רעגירונג האָט איינגעפֿירט די „מאָנאָפּאָלקע״ — דעם מאָנאָפּאָל אויף שנאַפּס. און איך זע די פֿיר פּיאַסקאָווער שענקערס — וועלוול, ישראל, דער „ביעלער״ (הערשל ביאַליסטאָצקי) און דוד פּוריע — גייען אַרום מיט פֿאַרטרויערטע הערצער איבער דעם, וואָס זיי פֿאַרלירן זייער פּרנסה. אַ ביטערער רחמנות איז געווען אויף וועלוולען, וועלכער האָט גאָרנישט ניט געהאַט, אפֿילו ניט אויף נדן פֿאַר זיינע צוויי טעכטער... (די אַנדערע דריי האָבן געהאַט אייגענע הייזער, וואָס האָבן זיי אַריינגעבראַכט אַ שטיקל איינקונפֿט).

ס׳האָבן אויך געטרויערט די צוויי פּיאַסקאָווער אידישע שיכורים,

וועלכע מען האָט גערופן „בראַנפּאַלאַך”. פּאַר זיי האָט חיים־זעליג דער וועבער, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס דער פּיאַסקאָווער לץ, פאַרפאַסט — און אַליין אויסגעזונגען — דעם קלאָג־ליד:

„מיין לעבן, מיין לעבן דאָ,
אַז קיין בראָנפן איז דאָ ניטאָ.
מיין לעבן גיב איך אַוועק
ווער עס גיט מיר כאָטש אַ לעק”.

## ניקאָלאַי דעם לעצטנס באַזוך אין ביאַליסטאָק

און אָט קומט פאַר פאַר מיינע פאַרשלאָפענע אויגן דער פּאַראַד, וואָס די שטאָט האָט איינגעאָרדנט פאַר ניקאָלאַיס באַזוך אַ שבת פאַרנאַכט פון דעם מאָנאַט אויגוסט, 1897, אַ וואָך, אָדער צוויי, נאָכדעם ווי די שיינקען זיינען שוין געווען געשלאָסן. איך האָב זיך „באַטייליקט” אין דעם פּאַראַד. איך בין דאַן געווען אַ שילער אין יאָפּעס שולע און געווען איינער פון דער גרופּע „פּיעווטשי” (זינגערס). מ׳האָט אונדז אַוועקגעשטעלט אויפן ראָג וואַשליקאָווער און ניי־שטאָט גאַסן, און ווי נאָר זיין עקיפּאַזש איז צוגעפאָרן נאָענט צו אונדז האָבן מיר, אונטער דער לייטונג פון אונדזער געזאַנג־לערער, יעקב בערמאַן, „אויסגעבראָכן” מיטן העכסט פּאַטריאָטישן רוסישן ליד:

„סלאַווסיאַ, סלאַווסיאַ, נאַש רוסקי צאַר,
האָספּאָדאָם דאַני׳,
נאַם צאַר גאָסודאַר, דאַ אי בודיעט
בעזסמערטיען טוואָי צאַרסקי ראָד”.

ווי אַזוי די נבואה פון דעם „פּאָעט”, וואָס האָט פאַרפאַסט דעם „סלאַוויסיאַ”, איז מקוים געוואָרן, ווייסן מיר שוין. ניט נאָר איז ניקאָלאַי מיט זיין משפּחה׳טע, די ראָמאַנאָווס, ניט געבליבן אומשטערבלעך, נאָר טויט און באַגראָבן און פאַרגעסן, ווי דעם פּריצ׳ס גרויסער הונט...

ס׳איז ווערט צו באַמערקן, אַז די אידישע אַרבעטער, באַזונ־דערס די שניידערס, האָבן איבערגענומען די מעלאָדיע פון דעם „סלאַוויסיאַ״ און געזונגען:

„דער מאַן מיט דער נאָדל,
דער מאַן מיט דער שער,
דער מאַן וואָס אַרבעט
פאַר זיין לעבן שווער".

## דער חזיר אונטער ניקאָלאַים פערד

פינף טעג האָט ניקאָלאַי דער צווייטער — און דער לעצטער — פאַרבראַכט אין און אַרום ביאַליסטאָק. ער איז דאָרט געווען אויף די מאַנעווערס פון ווילנער וואָיענעם אָקרוג. זיין ערשטער אַריינפאָר, שבת פאַרנאַכט, ווי שוין דערמאָנט, איז אַריבער שטיל, אָן אינצידענטן. אָבער דער צווייטער אַריינפאָר, אַ דריי טעג שפּע־טער, איז שוין ניט דורכגעגאַנגען ווי דער גובערנאַטאָר און די פּאָליציי האָבן געוואונטשן. אַריינפאָרנדיק מיט זיין סוויטע פון דער נאָוואָליפּע אין דער טיקטינער גאַס, איז פון אַ גאַנץ שמאָלע געסל — כמעט אַ שטשאָנקע — באַרג־אַראָפּ פון חיי־אָדם געסל, אַרויס־געלאָפן אַ חזיר, גרויס ווי רוים, און זיך דורכגעריסן דורך די גע־דיכטע מאַסע מענטשן און גלייך אַריינגעלאָפן אונטער דעם גו־בערנאַטאָרס קאַרעטע און נאָכדעם אונטער דער קאָוטש פון אים אַליין און זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס פון די צוויי פערד. דער פּאָליציי־מייסטער מאַליעוויטש, און די פּאָליצייסקע זיינען ווילד געוואָרן פון אויפרעגונג. דער טומל „קנעפּלעך״, וואָס איז געשטאַנען אויף דער גאַס האָבן אים פּרובירט כאַפּן. אָבער דער גרויסער דבר־אחר האָט זיך אַזוי גיך ניט געלאָזט. ער האָט געמאַכט קולות און געוואַלדן — טאַקע חזיר׳שע קולות — און דער גאַנצער מאַרש פון ניקאָלאַיס סוויטע האָט זיך אויף אַ פּאָר מינוטן געמוזט אָפּשטעלן. ענדלעך איז דער פּאָליציי געלונגען צו פאַרטרייבן דעם „אומגע־בעטענעם גאַסט״ אויפן מאַרק, אַנטקעגן דעם שטאָט־זייגער.

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער אינצידענט האָט אַרויסגע־
רופן געלעכטער ביי די פּאָלקס־מאַסן און צײן־קריצעניש ביי די
גבירים. אָבער אַלע האָבן זיך געוואונדערט: ווי קומט דאָרט אַ
חזיר? חיי אָדם גאַס, ישיבה גאַס און די אַרומיקע געסלעך זיינען
געווען געדיכט באַזעצט פון אידן. קיין גוים האָבן דאָרט ניט גע־
וואוינט. אַ גוי האָט מען דאָרט ניט געקענט געפינען אפילו אויף אַ
„רפואה". טאָ פון וואַנעט האָט זיך דער שוויין פאָרט גענומען?

אין דער שטיל האָט מען געשמועסט, אַז דאָס אַרויסשטופן אַ
חזיר אויפן פּאַראַד האָט באַצוועקט צו צעטומלען דער פּאָליציי,
כדי צו קענען מאַכן אַ גרעסערן „דזשאַב"... אָבער ווייטער האָט
גאָרניט פּאַסירט.

די פּאַסירונגל מיטן חזיר אונטער ניקאָלאַיס פערד איז פון
דער ביאַליסטאָקער רוסיש־ריידנדיקע אינטעליגענץ שפּעטער באַ־
צייכנט געוואָרן אַלס „דיעלאָ קאַבאַנאַ".

## אין קאָלנע — די גרענעץ־שטעטל

גאַנץ שפּעט נאָך אַ האַלבע נאַכט, איז מיר געלונגען צו כאַפּן
אַ דרעמל. ס'איז געווען אַ געשמאַקער דרעמל — אָן בייזע חלומות
און אָן ביטערע דעראינערונגען. אָבער דער געגאַרטער שלאָף האָט
לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. מיין שכן אין וואָגן האָט מיך אַ טורקע
געטאָן און אַ אַריינגעשושקעט אין אויער: „מיר זיינען שוין באַלד
אין קאָלנע". ער האָט דערזען די שפּיצן פון די קלויסטערס. און אַ
פערטל שעה שפּעטער איז די פור צוגעפאָרן צו אַ איין־שטאָקיגע
הילצערנע ווייסע הויז, ווייט פונם צענטער פון דער שטעטל.

פיזיש און גייסטיק דערשעפּט פון דער לאַנגער רייזע און פון
מיינע זכרונות פון מיין יוגנט, בין איך מיט גרויס אָנשטרענגונג
אַרויסגעקראָכן פון דער עגלה אין דער „ליכטיקער וועלט". די
זון איז שוין געווען אין די הימלען; אָבער זי האָט ניט געשיינט
מיט איר פולער פּראַכט. עפּעס אַ טונקעלער וואָלקנדל האָט איר
פאַרשטעלט און זי האָט אויסגעזען ווי אַ ברוגז'ע... די לאַנד־
שאַפטן אַרום דער ווייסער הויז — די פלאַכע פעלדער, דער שי־

טערער וואַלד און די טייכלעך האָבן ניט געקראָגן די דערוואַר־
טעטע זונען־שטראַלן, און זיי האָבן אויסגעזען מער ווי אין אָקטאָ־
בער, איידער אין מאַי.

אין דער „שטוב" פון „ווייסן הויז" זיינען מיר באַגעגנט גע־
וואָרן פון צוויי יונגע בלוי־אויגיקע בחורימ׳לעך, פון אַ יאָר ניינצן
אָדער צוואַנציק (זיי האָבן אויסגעזען ווי ברידער), אָנגעטאָן אין
שעוויאָטענע ברוינע אָנצוגן, מיט ברוינע היטעלעך. דאָס זיינען
געווען די אַריבערפירער, אָדער די אַגענטן. דער פּאַסנדיקסטער
נאָמען פאַר זיי אָבער איז געווען „קאָנטראַבאַנשטשיקעס".

נאָכדעם ווי מיר האָבן עפּעס איבערגעביסן האָט איינער פון די
ברידער אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר וועלן באַלד אַרויספאָרן צום גרע־
נעץ, און מיר זאָלן זיין גרייט. ער האָט אונדז אויך געבעטן צו תפילה
טאָן צו גאָט. מיר, פיר, האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך געוואונ־
דערט, וואָס האָט גאָט צו טאָן מיטן לויפן דעם גרענעץ?

— יע, יע! — האָט ער זיך געבייזערט, ווען ער האָט געזען
ווי מיר קווענקלען זיך, — מיר דאַרפן בעטן גאָט, ער זאָל אונדז
באַהילפיק זיין...

— טאָ ווי זאָלן מיר בעטן גאָט, — האָט איינער פון אונדז
געפרעגט אין שפּאַס, — אין לשון קודש אָדער אין אידיש?

— גאָט פאַרשטייט ביידע שפּראַכן, — האָט דער קאָנטראַ־
באַנשטשוק געענטפערט ערנסט, און מיט דער קאָאָפּעראַציע פון
דעם פּראַגע־שטעלער האָבן מיר פאַרפאַסט, אין אידיש, אַזאַ תפילה:

„רבונו של עולם! אַלמעכטיקער, ליבער, באַרמהערציקער גאָט!
הער אויס אונדזער בקשה. העלף אונדז אַריבערגיין בשלום דעם
גרענעץ און היט אונדז אויס פון אַריינצופאַלן אין גוי׳אישע הענט.
אָמן!"

דער אַריבערפירער האָט אויך געענטפערט „אָמן!"...

## די לעצטע רייזע

אַרויסקומענדיק פון דער שטוב האָט שוין אויף אונדז געוואַרט
אַ לאַנגער שמאָלער וואָגן, „אויסגעבעט" מיט אַביסל שטרוי. שנעל

זיינען מיר אַריינגעקראָכן און זיך אַוועקגעלייגט אין דער לענג. אַ מינוט שפּעטער האָט מען אויף אונדז אַרויפגעוואָרפן אַ בינטל שטרוי און אויף די שטרוי — דריי לאַנגע ברעטער, און די צוויי ברידער מיט נאָך צוויי פּאַרשוינען האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף די ברעטער. אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי שנעל און מעכאַניש, אַז מיר האָבן גאָר קיין צייט ניט געהאַט אַביסל הנאה האָבן פון דער וואַרעמער זון, וועלכע האָט שוין דאַן געשיינט אין איר פולער פּראַכט, און געוואָרפן זונען-שטראַלן אין אַלע ריכטונגען, און די גרינע פעלדער און וועלדער אַרום האָבן אויסגעזען אַ סך שענער און לעבעדיקער ווי פריער...

עפּעס אַ האַלבע שעה, אָדער מער, זיינען מיר געפאָרן אינם טרייסלענדיקן לאַנגן וואָגן. עס האָט געטרייסלט אין די פּלייצעס, אין די הענט און די ברעטער מיט די קאָנטראַבאַנשטשיקעס האָבן געדריקט דעם ברוסט-קאַסטן (ס'איז שוין איינמאָל געווען אַ „יאַזדע״, וואָס פרעגט איר ?), ביז מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין אַ דייטשישן דאָרף. אַרויסקריכנדיק פון דער פור, אַ צעבראָכענער פון דער „לוסט-רייזע״, האָב איך געפילט, ווי אָנצוברעכן די ביינער און אויס־פּאַטשן איינעם פון די „אַריבערפירער״. אָבער — מאַלע וואָס מען וויל !...

אונדזער „עקיפּאַזש״ האָט זיך אָפּגעשטעלט ריכטיק אַנטקעגן אַ שפּייז-קראָם און טיי-הויז. דאָרט האָבן מיר שוין געפונען נאָך צוואַנציק עמיגראַנטן, וועלכע מ'האָט אַריבערגעפעקלט דורך דער נאַכט. צווישן די פּאָר צענדליק זיינען געווען אַ סך פרויען און קינדער.

## אַ צוזאַמענשטויס מיט אַ „יאַהודי״

דער אייגנטימער פון דער קראָם און „טשאַיניע״, אַ פעטער דייטשער איד מיט אַ ברוינע קיילעכדיקע בערדל, קוקנדיק אויף די אויסגעמאַטערטע איבערוואַנדערער, האָט ער געהאַלטן אין איין בור־טשען : „רוסישע שווינע״. איך האָב זיך אָנגענומען פאַר די באַ־ליידיקטע און אים דערקלערט, אין זיין שפּראַך, אַז די דאָזיקע רו־

סישע אידן, מענער און פרויען, זיינען גאַנץ אָרנטלעכע אַרבעט־
זאַמע מענטשן און אינטעליגענטן. און אַזעלכע מענטשן, כאָטש ניט
קיין שטודירטע אין גימנאַזיעס — ווייל די צאַרישע רעגירונג האָט
זיי ניט דערלויבט — טאָר מען ניט באַצייכענען אַלס שוויינען.
דאָך שוויינע!״ האָט ער זיך געקאָכט. דאָ בין איך אַרויס פון גע־
דאָך שוויינע״, האָט ער זיך געקאָכט. דאָ בין איך אַרויס פון גע־
דולד און אים געזאָגט אין פשוטן דייטש: דער וואָס באַצייכנט ערנ־
האַפטע אַרבעטזאַמע מענטשן אַלס שוויינען, איז אַליין אַ שווייַן.
מיין דערקלערונג איז אים, פאַרשטייט זיך, גאָרניט געפעלן גע־
וואָרן און איך האָב געכאַפּט אַ פּאַטש!... די אַנדערע „אַנטלאָ־
פענע״, ווען זיי האָבן דערהערט דעם פּאַטש זיינען זיי באַלד צו־
געלאָפן און זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט דעם פרעכן קערל. איך
האָב זיי אָבער צוריקגעהאַלטן, דערקלערנדיק, אַז אונטער די אומ־
שטענדן — קענען מיר זיך ניט פאַרגינען צו שאַפן אומרוען, ווייל
דאָס קען זיין אַן ערנסטער שטער צו אונדזער רייזע. און אַזוי
ווי איך האָב גערעדט צו די פאַרזאַמלטע אַרום מיר, איז צוגעלאָפן
זיין פרוי, אַ שלאַנקע ברונעטקע, און מיט טרערן אין די אויגן האָט
זי געבעטן, איך זאָל אַנטשולדיקן איר מאַן, ווייל ער ליידעט פון
„לייכטע אויפרעגונג״. צו די פריינט האָב איך געזאָגט, אַז די
שאַנד פאַלט אויף דעם יאַהודיס קאָפּ...

## אַ באַגעגעניש מיט אַ נאַצי־דאָקטאָר אין 1905

אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג זיינען מיר שוין געזעסן אין
דער באַן, וואָס האָט אונדז געפירט קיין פראַסטקען. איבערגענעכ־
טיקט אין פראַסטקען זיינען מיר געפאָרן קיין בערלין; אָפּגערוט זיך
אין בערלין און געפאָרן קיין קאַרלסרוהע (ס'איז געווען, ווי אין
חומש: „ויסעו ויחנו״ און „ויחנו ויסעו״) ביז מיר זיינען אָנגעקו־
מען אין האַמבורג, די וועלט־באַרימטע האַפן־שטאָט, וואו ס'איז אויך
געווען דער ריזיקער עמיגראַנטן־לאַגער — אַ האַלב־קיילעכדיקער
גרויסער מויער פאַר אַ פּאָר טויזנט אויסוואַנדערער. אַזוי ווי אין
דער גרויסער פּאַלאַטע פונם לאַגער איז ניט געווען קיין פּלאַץ, האָט

מען אונדז — די פּאָר צענדליק פּאַסאַזשירן — אַרויפגעזעצט אויף אַ לײדיקער שיף, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט גאַנצע צוויי טעג ביז די גרויסע שיף „אַרמעניאַ״, וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן אויף אונדזער לעצטער רייזע קיין אַמעריקע, איז פאַרטיק געוואָרן פאַר דער לאַנגער נסיעה.

שטייענדיק אַזוי לעבן די טרעפּ, וואָס האָט געפירט צום קאַפּי־טאַנס קאַבינע, קומט צו צו מיר אַן מאַן, פון מיטלוואוקס, אין די פופציקער, מיט ברוינע וואָנצעס און פאַרפּירט מיט מיר אַ גע־שפרעך. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס דער דאָקטאָר פון דער שיף.

— שפּרעכן זי ענגליש? — פרעגט ער מיר (ער האָט פאַרשטאַ־נען, אַז איך בין באַקאַנט מיט דער דייטשער שפּראַך. ער האָט מיך געזען האַלטנדיק אין האַנט די דייטשע צייטונג „די האַמבור־גער נאַכריכטן״).

— לײדער, ניכט, — ענטפער איך.

— זאָרגן זי זיך ניכט, זאָרגן זי זיך ניכט, — האָט ער מיך געטרייסט, — דויטש ווירד איבער דער גאַנצע וועלט געשפּראָכן ווערדען.

כ׳האָב אים פון אָנפאַנג ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט גע־מיינט מיט זיין נביאות, אַז די גאַנצע וועלט וועט ריידן דייטש, און אים באַמערקט, אַז פראַנצויזיש איז אָנערקענט אַלס די אינטער־נאַציאָנאַלע דיפּלאָמאַטישע שפּראַך; אַז ענגליש איז די קאָמער־ציעלע שפּראַך און אַז דייטש איז די וויסנשאַפטס־שפּראַך און איך זע ניט איין וואָרום די דייטשע שפּראַך זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די ערשטע צוויי.

דער „געלערנטער״ דאָקטאָר איז ניט געווען צופרידן מיט מיין מיינונג און איז באַשטאַנען אויף זיין פּראָוואָקאַציע. „פּאַסן זי אויף, פּאַסן זי אויף״, האָט ער מיט כעס, און פאָכנדיק מיט דער האַנט, אויס־געשריען: „דויטש ווירד קירצליך איבער דער גאַנצע וועלט גע־בראָכן ווערדען״, און זאָגנדיק „מאַלצייט״ איז ער אַוועק.

אין שפּעטערדיקע יאָרן, פאַר דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך אויסגעפונען, אַז דער האַמבורגער דאָקטאָר איז געווען אָנגעשטעקט מיט דעם מערדערישן לאָזונג: „דויטשלאַנד אי־

בער אַלעס״ (אַז דייטשלאַנד וועט באַהערשן די גאַנצע וועלט). אָט־דער לעכערלעכער, ווילד־משוגענער סלאָגאַן, וועלכער האָט פאַר־סמ׳ט די מוחות פון די דייטשע פאָלקס־מאַסן און זיי געמאַכט צו גלויבן, אַז די דייטשן זיינען די „ציוויליזירטסטע״ מענטשן אין דער וועלט און אַז די דייטשן דאַרפן הערשן איבער די „ניט ציווילי־זירטע״, אַז די גערמאַנער דאַרפן זיין דער „הערנער פאָלק״ און אַז די אַנדערע מוזן זיין זייערע שקלאַפן — האָט פאַר זיי האָלץ און שעפּן פאַר זיי וואַסער״. דער קאַיזער האָט עס געוואָלט דורכפירן אין לעבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און היטלער — אין דער צווייטער. און זעקס מיליאָן אידן און פיר מיליאָן אַנדערע האָבן פאַרלאָרן זייער לעבן אין די גאַז־אויוונס פון טרעבלינקע, אוישוויץ, דאַכאַו און אַנדערע מאָרד־לאַגערן. אָבער ווען די שורות ווערן גע־שריבן האָלט שוין גאַנץ נאָענט דערביי, אַז דער גזלנ׳ישער רוף פון „דויטשלאַנד איבער אַלעס״ וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין „דויטשלאַנד אונטער אַלעס״. מיר מיינען אַדענאַוערס דייטשלאַנד.

## אויף דער „אַרמעניאַ״

ענדלעך זיינען מיר אין אַ קילן זוניקן פאַרמיטאָג אַרויפ־געקומען אויף דער שיף „אַרמעניאַ״ — אויף אונדזער לעצטער רייזע קיין אַמעריקע. די שיף האָט ניט געהאַט קיין ערשטן און ניט קיין צווייטן קלאַס — בלויז פאַר דריטע קלאַס פּאַסאַזשירן, וועלכע זיינען באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון אָרעמע עמי־גראַנטן. (געשמועסט האָט מען, אַז די „אַרמעניאַ״ איז אָריגינעל גע־ווען אַן אָקסן־שיף, נאָר אַזוי ווי דער האַמבורג־אַמעריקאַנער שיפס־קאָמפּאַני האָט אויסגעפעלט פּאַסאַזשיר־שיפן איז „אונדזער״ אַר־מעניאַ רעמאָנטירט געוואָרן און פּאַסיק געמאַכט צו פירן מענטשן.)

האָבנדיק זיך איינגעאָרדנט אין מיין בעטל, טיף אין צווייטן דעק, בין איך ווידער באַהערשט געוואָרן פון מאָדנע געדאַנקען — געדאַנקען פון אַמאָל. איצט, האָב איך געטראַכט, האָב איך שוין טאַקע אויף אייביק פאַרלאָזן מיין געבורט־שטאָט ביאַליסטאָק, די געבורט שטאָט פון דאָקטאָר זאַמנאהאָף (דער פאַרפאַסער פון

עספּעראַנטאָ), מאַקסים ליטווינאָוו (מאיר וואַלאַך), פּראָפּעסאָר זאַבלודאָווסקי, אברהם גאָטלאָבער,; וואו עס האָבן געוואוינט אהרן ליבערמאַן און ראָזאַ ראיזאַ, רייצקע בורשטיין; מיט אירע שיינע גאַסן — די נאָוואָליפּע, די וואַשליקאָווער גאַס, די ניי־שטאָט, די דייטשע גאַס, דעם שיינעם גאָראָדסקאָי סאַד און אויך די „סלאָמס" — די זייטיקע געסלעך פון פּיאַסקעס און די כאַנאַיקעס פון וואַנעט עס האָבן זיך אַרויסגעלאָזן יעדן ראש־חודש די „כאַ־ליאַסטרעס": די הינקענדיקע, האַלב־בלינדע, שטומע, טויבע בעט־לער אין זייערע „פּאַראַדנע קאָסטיומען". זיי זיינען געגאַנגען טשאַ־טעס־וויז: צו צען, צו צוואַנציק, צו דרייסיק. געגאַנגען אין „גע־שלאָסענע רייען" און געלעבט „קאָמוניסטיש" — זיי האָבן זיך געטיילט גלייך אויף גלייך מיט די קאָפּיקעס, וואָס זיי האָבן אַריינ־געקראָגן פון דער קליינער צאָל געבער.

אָט־די דאָזיקע כאַליאַסטרעס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ בילד, אַ שרעקעלכן דערדרקנדיקן בילד און געמאַכט אַ טרויערדיקן איינדרוק אויף אַלע, וועלכע האָבן זיי באַגעגנט אויף זייער געיעג נאָך די ראש־חודש געלט. ס'זיינען מיר אַרויפגעקומען אויף די גע־דאַנקען אויך מיינע יוגנט־חברים, וועלכע זיינען שוין געווען אין באַגנאַוועקע (דער אידישער בית־עולם): וועלוול טאַבאַטשינסקי, אַ האַרציקער ליבער פריינט; שמואלקע פּוריע, דער העברייער, וועלכער האָט שוין געהאַט געשריבן אין „המליץ"; יעקב־יוסף, דער עילוי פון ראַדינער ישיבה און מיין קוזין, לייבל ספּעקטאָר. זייער טויט האָט מיר פאַר אַ היפּשע צייט פאַרשאַפט אַ סך האַרץ־ווייטאָג.

אַרויסקומענדיק צוריק אויפן דעק און שפּאַצירנדיק הין און צוריק, האָב איך באַמערקט, אַז מער ווי אַ העלפט פון די פּאַסאַ־זשירן איז באַשטאַנען פון אונגאַרישע פויערים און פּאָליאַקן פון לאָמזער גובערניע. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען האָבן די גרויסע און רייכע אַמעריקאַנער קוילן־מאַגנאַטן און שטאָל־טראָסטן אין אָהייאָ און פּענסילווייניע זיך דאַן געבוי־טיקט אין „הענט". האָבן די דאָזיקע קוילן און שטאָל־באַראָנען אַריינגעשיקט זייערע אַגענטן אין אונגאַרישע דערפער און געוויזן

דורך „מואווינג פיקטשורס" ווי גליקלעך עס לעבט זיך אין אַמעריקע די איינגעוואַנדערטע דאָרפסלייט. דאָסזעלבע האָבן געטאָן די טעקסטיל באַראָנען פון ניו־ענגלאַנד שטאַטן — מעין, ניו העמפּשיר, מאַסאַטשוזעטס, ראָוד איילאַנד און ווערמאָנט. זיי האָבן אַריינגענאַרט פּוילישע מיידלעך און בחורים פון די דערפער אין לאָמזער גובערניע, צו אַרבעטן אין זייערע קאָטן מילס, פאַר קליינע שכירות, פאַרשטייט זיך.

ס׳זיינען אויפן שיף אויך געווען אַ היפּשע ביסל אוקראַאינער, ווייס־רוסן, אַ ביסל דייטשן און אַ גרויסע צאָל אידן פון רוסלאַנד און גאַליציע. אַ סך פון זיי אַנטלאָפענע פון דער רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה פון 1904־1905.

שטייענדיק אַזוי אָנגעשפּאַרט אויף די פאַרענטשעס פון שיף און אַרונטערקוקנדיק אויפן בלויען ים, האָט זיך לעבן מיר אַוועקגעשטעלט אַ הויכער איד מיט אַ קיילעכדיקע שוואַר־גרויע באָרד. מיר האָבן זיך צערעדט. ער האָט מיר דערציילט זיין גאַנצע ביאָגראַפיע: אַז ער קומט פון סלוצק, מינסקער גובערניע (מיין טאַטנס לאַנדסמאַן); אַז ער איז שוין איין מאָל געווען אין אַמעריקע און איצט פאָרט ער צוריק און איז גוט באַקאַנט מיט דער גאָלדענער מדינה.

— נו, — מאַך איך צו אים, — זיינען מיר שוין ענדלעך אין אַמעריקע. איבערגעקומען דעם גרענעץ, פּראָסטקען, האַמבורג און איצט זיינען מיר שוין אויף דער לעצטע רייזע —

— עי, — ענטפערט ער מיר מיט אַ טרויעריקן שמייכל און ציטירט מיר דעם גוי׳אישן גלייכווערטל: „ניע קאַזשי האָץ פּאָקאַ ניע פּערעסקאָץ". מיר זיינען נאָך ניט אין אַמעריקע.

— פאַרוואָס? — בין איך נייגעריק געווען צו וויסן.

מיר האָבן נאָך אַ „סערבערוס" אַדורכצוגיין („סערבערוס", לויט דער פאַרצייטיקער גריכישע מיטאָלאָגיע, איז אַ גרויסער הונט מיט דריי קעפּ, וועלכער לאָזט ניט אַרויס די רשעים פון גיהנום און שטייט לעבן גן־עדן און לאָזט דאָרט ניט אַריין די זינדיקע) און דער דאָזיקער סערבערוס, זאָגט ער, איז דער „קעסל־גאַרדן". אין דעם דאָזיקן

„קעסל־גאַרדן", דערקלערט מיר מיין שיפס־ברודער, זיצט אַ טשי־נאָווניק, אַן אַמעריקאַנער אימיגראַציע־באַאַמטער און פרעגט אויס יעדן אַריינקומענדיקן אימיגראַנט, און ער באַשליסט יאָ אָדער ניט אים אַריינצולאָזן. ער געפינט שוין אַלערליי תּרוצים פאַר ניט דורכ־לאָזן. אַמאָל געפעלט אים ניט דער פיזישער אויסזען פון דעם אויס־וואַנדערער. אַמאָל געפעלט אים ניט די פּרנסה, פון וועלכער ער האָט זיך דערנערט אין אין דער אַלטער היים, ווי, למשל, מלמדות, שדכנות, מעקלעריי און נאָך אַזוינע ווינט־געשעפטן, און ער וועט ניט קאָנען מאַכן קיין לעבן" אין אַמעריקע און אַז ער וועט ענדלעך פאַלן צו לאַסט די צדקה־אַנשטאַלטן, און ער שיקט דעם פאַר־צווייפלטן עמיגראַנט צוריק.

דעם סלוצקער'ס גאָרניט פריילעכע אינפאָרמאַציע, אַז מיר וועלן נאָך דאַרפן דורכגיין דעם לעצטן גיהנום און אַז קיין עמי־גראַנט איז ניט זיכער צי מען וועט אים אַריינלאָזן — האָט מיך פשוט דערשלאָגן... איך האָב מורא געקראָגן פאַרן „טאָמער" — טאָמער געפעל איך ניט דעם טשינאָווניק, אָדער עס געפעלט אים ניט מיין פּראָפעסיע און ער שיקט מיך צוריק? דאַן וואָלט פאַר מיר געווען אַן אמת'ע טראַגעדיע — אַ טראַגעדיע, וועלכע איך וואָלט אפשר ניט איבערגעלעבט, ווייל, ווי איר ווייסט שוין, ליבער לייענער, אַז אַמעריקע איז געווען מיין לעצטער אויסוועג... מיין טאַטנס לאַנדסמאַן האָט מיך גע'עצה'ט, אַז ווען איך וועל אָנקומען אין „קעסל־גאַרדן" און ווען דער טשינאָווניק וועט מיך פרעגן, וואָס איך האָב געטאָן אין דער היים זאָל איך אונטער קיינע אומשטענדן ניט זאָגן, אַז איך בין געווען אַ בוכהאַלטער.

— פאַרוואָס ניט?

און זיין ענטפער איז געווען: „אַמעריקע זוכט ניט צווישן די אימיגראַנטן קיין בוכהאַלטאָרן. נאָר מענטשן, וועלכע זאָלן קאָנען אַרבעטן שווער און שנעל — אַזוי שנעל, אַז ביז די „נשמה אַרויס־צויאָגן"; אָדער וואָס קענען טאָן שווערע אַרבעט אין שלעפּן, דזשוויגען אויף די שיפן און פראַכט־וועגענער".

— טאָ וואָס זאָל איך אים זאָגן?

— זאָגט אים, אַז איר זייט אַ שניידער.

— פאַרוואָס עפּעס אַ שניידער ?

— אַז איר וועט אים זאָגן, אַז איר זייט אַ סטאָליער, אַ שליאָ־סער אָדער אַ גארבער וועט ער אייך ניט גלויבן, ווייל איר זעט ניט אויס צו זיין אַ שווערער אַרבעטער. ער וועט אייך אַ קוק טאָן אויף די הענט !...

די עצה פון דעם „אַמעריקאַנעם" (אויפן שיף האָט מען אים גערופן „דער אַמעריקאַנער", ווייל, ווי איר ווייסט, איז ער שוין איין מאָל געווען אין אַמעריקע) איז געווען אַ גאַנץ גוטע און לאָ־גישע עצה. אָבער איך האָב אַלץ מורא געהאַט פאַרן „טאָמער"... טאָמער, האָב איך זיך געשראָקן, פאַרהערט ער מיך — גיט מיר אַריינציען אַ פּאָדים אין אַ נאָדל און... און איך האַלט ניט אויס דעם „עקזאַמען" ? פרעגט שוין גאָרניט, וואָס וואָלט דאַן געווען !

## אויף דער אַנדערער זייט

אויפן דעק פון שיף, אין די שיינע וועטערן, איז געווען ניש־קשה'דיק פריילעך. חברה האָט געזונגען, געטאַנצט און דערציילט גאַנץ אַמוזירנדיקע אַנעקדאָטן. פּאָליאַקן האָבן געזונגען און אונ־טערגעטאַנצט דעם פּוילישע פּאַטריאָטישן ליד, „יעשטשע פּאָלסקאָ נע סגינעלאָ אי ני מושי סגינוטש" — אַ ליד, וואָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אין צאַרישן רוסלאַנד. אַן אוקראַנישע „שיקסע" האָט געזונגען דעם באַקאַנטן ליבע־ליד פון „נאַטאַלקא פּאָלטאַווקאַ", „וועיוט וויעטרי" און נאָכדעם געטאַנצט אַ קאָזאַצקע. בונדיסטן האָבן געזונגען די „שבועה", „עס לעבע אין רוסלאַנד, אין ליטע און פּוילן דער אידישער אַרבעטער בונד". מ'האָט אויך געהערט דעם אידישן פאָלקס־ליד „אויפן פּריפּיעטשאָק", „אונטער די גרינע בוימעלעך שפּילן זיך משה'לעך, שלמה'לעך", „האָצמאַך איז אַ בלינ־דער" און אין די רעגנדיקע טעג, זיצנדיק אין די קאַיוטעס האָבן אי־דישע מיידלעך און בחורים געזונגען די עלעגיע איבער דעם טויט פון דעם רוסיש־אידישן שרייבער לעוואַנדאַ, וועלכער פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער : „עס האָט נאָך ביי אונז ניט אויסגעטריקנט די טרערן, וואָס גאָרדאָן און סמאָלענסקי אונז פעלט, דאַרפן מיר פלוצלונג די בשורה דערהערן, אַז לעוואַנדאַ איז אויף דער וועלט

שוין ניטאָ, האַלט אָפּ גאָט דיין האַנט, שטראָף אונז ניט נאָכאַנאַנד, אָפּרוען לאָזן אונז עטוואָס; וואָס קען פון אונז זיין ווען מיר נעמען אָפּט איין דעם ביטערן טראָפּן פון כוס?

פון אַ גרופּע דייטשע אימיגראַנטן האָט מען געהערט שפּאַסיקע לידער: „דריי מאָל דריי איז נוינע, ויר וואַרן בעזויפן ווי די שווינע", „קאָם, טרינק ביר, ליבע, ליבע ליזע".

און איין ליבע ליד:

„ליבע, ליבע ליזאַ, ליבסטו מיך וואָהל? אויף דער גרינע וויזע האָבע איך זי געפראַגט", און מיט דער מעלדיע פון ריגאָליעטאָ: „ווילסט מיך ניט הייראַטן, ווילסט מיך ניט ליבען, דאַן האָל דיך דער טויפל אונד לאָס מיך צופרידען!"

עס האָבן זיך געהערט די טענער פון „וויכרי וויאַזשדיעבניא וועיוט נאַד נאַמי", „טרודנאָ, בראַטסי, נאַם זשיוויאָטסאַ נאַ רוסי סוויאַטאַי", „„איז זאַ אידאַל סוויאַטאַוואָ" און אויך די צוויי באַרימטע אידישע רעוואָלוציאָנערע לידער: „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן" און „טרוימענדע שלעפער" און אַנדערע, וועלכע איך געדענק, ליידער, ניט.

איך האָב אויך געהערט עטלעכע אַנעקדאָטן:

איין יונגער מאַן, קענטיק, אַ געוועזענער קלויזניק, פרעגט אַן עלטערן אידן, וואָס דער מחבר פון ראש־חודש בענטשן האָט געמיינט מיט דער תפילה „חיים שימלא משאלות לבנו" (גאָטעניו, דערפיל אונדז די פאַרלאַנגען פון אונדזער האַרץ), און דער פרעגער זעצט־פאָר: „אַז וויבאַלד מיר האָבן שוין געבעטן פאַר געזונט און פרנסה, טאָ צו וואָס נאָך?"

ענטפערט דער צווייטער: מעגלעך ער האָט געבעטן פאַר קינדער.

רופט זיך אָפּ דער ערשטער: ער האָט דאָך געבעטן פאַר געזונט, און קינדערלאָזיקייט האָט דאָך צו טאָן מיט געזונט.

דער צווייטער: „אפשר האָט ער אַ טאָכטער, אַ בגרת, און קען פאַר איר קיין פּאַסנדן שידוך ניט קריגן?"

דער ערשטער: ער האָט דאָך געבעטן פאַר פרנסה, און אַז עס איז דאָ פרנסה — קען מען קריגן אַ חתן".

דער צווייטער: „טאָ זאָג מיר שוין, צי מיר ניט די עצמות. ווי איז טאַקע דער טייטש פון „משאלות לבנו״?

דער ערשטער: „משאלות לבינו״ מיינט, אַז יענער זאָל ניט האָבן...

דער צווייטער האָט געשמייכלט און זיך געקרימט...

אַ געדינטער ווייס־רוסישער סאָלדאַט דערציילט: אַן אָפיצער האָט באַפוילן זיין דיענשטשק (באַדינער) אָפּצוקאָכן אַ הון פאַר מי־טאָג. אַ פּאָר מינוט שפּעטער קומט צוריק דער דיענטשטשיק און זאָגט זיין „בלאַגאָראָדיע״, אַז ער קען די הון ניט אָפּקאָכן.

— פאַרוואָס? — האָט דער אָפיצער געפרעגט מיט כעס.

— נאָך דער הון אוכאַזשעוועט דעם גענעראַלס אַ האָן...

אַ געלערנטער רוסיש־ריידנדיקער אידישער בחור דערציילט אַן אַנעקדאָט וועגן אַ צאַרישן גענעראַל.

אַ גענעראַל איז אַריינגעקומען אין אַ רעסטאָראַן מיט זיין גרויסן הונט „מאָפּסי״. ביי אַ צווייטן טיש, אַנטקעגן, זיינען געזעסן צוויי סטודענטן. זאָגט דער גענעראַל צו זיין הונט: „לערן, מאָפּסי, לערן, וועסטו זיין אַ פּראָפעסאָר״. און איינער פון די סטודענטן ענטפערט: „לערן ניט, מאָפּסי, לערן ניט, וועסטו זיין אַ גענעראַל...

איך האָב אויך געהערט ווי צוויי ווייס־רוסישע יונגע פויערים, האַלטנדיק אַ ליידיקע פלעשל און אַ ליידיקע גלעזל, האָבן געזונגען: „גראפינטשיק, גאָלובטשיק, קראַסאַווטשיק, טי מאָי, ליובליו טיע־ביאַווידיעט טריאַכטראָבנאָי וואָדקאָי״, און „קילישעק טאָ מאָי בראַטשישעק״.

## פריילעך, לעבעדיק אויפן שיף — און אויך אומעטיק...

אַ מיטליאָריקער דייטש פרעגט אַ יונגע דייטשע פרויליין, פאַר־וואָס זי פאַרלאָזט איר היימאַט און פאָרט קיין אַמעריקע. און איר ענטפער איז געווען: „אין מיינער היימאַט וואַר איך היימאַטסלאָז״...

אַ פויער פון ווילנער גובערניע דערציילט זיין לאַנדסמאַן, פאַר־וואָס ער פאָרט קיין אַמעריקע. „די גאַספּאָדאָאַרקע״, האָט ער געזאָגט, „האָט ניט אַריינגעבראַכט גענוג צום לעבן, און ער האָט זיך גע־

האַלטן אין איין אַרומקריגן מיטן ווייב, און אים דערמאָנט פון דעם פויערשן גלייכוווערטל: „יאַק וסאַראַיו ניע מאָלאָטיטסאַ, טאָ וודאָמו קלוטיטסאַ".

## ווי אַ אידישער סאָלדאַט האָט „געבענטשט" זיין פּאָלקאָווניק

אַן אויסגעדינטער אידישער סאָלדאַט האָט געמאַכט צו לאַכן אַ גרופּע מענטשן, דערציילנדיק, ווי אַזוי ער האָט געענטפערט אויף זיין פּאָלקאָווניקס באַגריסונג „זדראַוואָ, רעביאַטאַ!" און אַלע סאָלדאַטן, האָט ער געזאָגט, האָבן אויסגעשריען: „זדראַוויאַ זשעלאַיעם וואַשע וויסאָקאָראָדיע". איך וועל אים ווינטשן געזונט? — אַ מכה!

— טאָ ווי האָסטו אים געענטפערט? — איז איינער פון די צוהערער נייגעריק געווען צו וויסן.

— ווען די סאָלדאַטן, — האָט ער געזאָגט, — האָבן געענטפערט: „זדראַוויאַ זשעלאַעים וואַשערוויסאָקאָראָדיע". האָב איך געשריען: קריג די כולירע היינט באַלד!

די פריילעכע שטימונג, וואָס האָט געהערשט אויפן דעק פונם שיף — די געזנאַגען, די טענץ, די אַנעקדאָטן — איז מיר, ליידער, ניט באַקומען. דער „טאָמער" האָט מיך געטאָטשעט ווי אַ וואָרעם. איך בין אָבער ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט געציטערט. באַזונדערס האָבן מורא געהאַט די מיידלעך, וועלכע זיינען געפאָרן זוכן זייער גליק אין אַמעריקע. טאָמער, חלילה, לאָזט מען זיי ניט אַריין, האָבן זיי ניט וואו צו פאָרן. ביים אָרעמען טאַטן, האָבן זיי געקלאָגט, קען מען ניט זיצן; וואו צו פאַרדינען אינם קליין שטעטל איז ניטאָ. און אַ מיידל אָן נדן קען קיין אָנשטענדיקן חתן ניט קריגן. ס'האָבן אויך געציטערט די אַנטלאָפענע פון דער מלחמה, די פּאָליטישע „פאַרברעכער", וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די צאַרישע טורמעס און פון סיביר, און די וואָס האָבן נעבעך ניט געהאַט די צען דאָלאַר, וואָס די אימיגראַציע פאָדערן פון יעדן אימיגראַנט, כדי ער זאָל קאָנען דורכקומען די ערשטע פאָר וואָכן, איידער ער קריגט באַשעפטיקונג (איך האָב גראָד יאָ געהאַט די „צען").

די לעצטע צוויי טעג זיינען פאַר אַלע שיפס־ברידער און שיפס־שוועסטער געווען פאַראומערט, ביט וויסנדיק, וואָס זיי דערוואַרטעט אין דעם נייעם לאַנד, אפילו ווען מ'וועט זיי שוין יאָ אַריינלאָזן — ווי אַזוי זיי וועלן זיך איינאָרדנען. איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז אין אַמעריקע וועל איך קאָנען לייענען. איך וועל זיך אַוועקזעצן אין אַ ביבליאָטעק אויף אַ שעה אָדער צוויי און לייענען וואָס ס'וועט מיר אַריינפאַלן אין האַנט: אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, אַ בוך, און קיינער וועט מיך ניט שטראָפן און קיינער וועט מיך ניט שטערן, ווי דאָס איז, לײדער, געווען אינדערהיים.

ענדלעך, אין אַ וואַרעמען זוניקן נאָכמיטאָג, דעם 25טן מאַי, 1905, איז די ריזיקע „אַרמעניאַ" צוגעשוואומען צום אינזל עליס־איילאַנד, באַקאַנט אַלס דער „קעסל־גאַרדן" און אויך באַקאַנט אַלס „דער טרערן אינזל" (ווייל אַ סך טרערן זיינען פאַרגאָסן געוואָרן פון די וואָס מ'האָט ניט אַריינגעלאָזן). די אימיגראַציע־פּאָליסלייט האָבן באַפוילן אַלעמען אַראָפּצונעמען די היטלען און זיך שטעלן אין שורה. אַ שלאַנקער אַלטער דאָקטאָר, מיט אַ לאַנגע גרויע באָרד, קומט אַרויף און וואַרפט אַ בייזן בליק אויף די פאַרזאָרגטע אימיגראַנטן. מיט זיינע דריי געהילפן באַקוקט ער די קעפּ און זוכט צו געפינען עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף דאָרט ניט זיין... ער האָט אָבער גאָרניט געפונען, ווייל דער, וואָס איז געבענטשט מיט דער אומגעווינטשטער „קרוין" מאַכט ניט קיין פאַרזוך צו פאָרן קיין אַמעריקע, ווייל ער ווייסט אַפריער, אַז מ'וועט אים ניט אַריינלאָזן.

## דער לעצטער וועג

און אָט שטיי איך שוין אין דער לאַנגער שורה („לאַין") צווישן מענטשן, וועלכע, ווי איך, שטייענדיק און וואַרטנדיק מיט קלאַפּנדיקע הערצער צוצוקומען צו דעם סערבערוס, דער טשינאָווניק, אין וועמעס הענט עס ליגט דער גורל פון טויזנטער פאַרצווייפלטע אויסוואַנדערער. אָט־דער דאָזיקער אַמעריקאַנער באַאַמטער, ווי שוין באַוואוסט פון פריער, האָט דאָס רעכט ניט אַריינצולאָזן און צוריקשיקן עמיגראַנטן, וועלכע געפעלן אים ניט, אין זייערע לענדער,

פון װאַנעט זײ זײנען אַנטלאָפן — אַנטלאָפן פון אָרעמקײט, אַרבעט־לאָזיקײט, פּאָגראָמען, מלחמות און פּאָליטישע און רעליגיעזע פאַר־פאָלגונגען.

שטײענדיק אַזױ אין דער „אָטשערעד" הער איך, װי דער אַמע־ריקאַנער טשינאָװניק, אַ גױ אין די הויכע פּערציקער, גלאַט ראַ־זירט, מיט ברױנע װאָנצעס, זיצנדיק אויף אַ הויכן שטול, מיט פאַ־פירן אין האַנט, „אַרגומענטירט" מיט די מענטשן, פאַר מיר, אין דײטש, פּויליש און רוסיש.

— זאָ, זי זינט שנײדער, — מאַכט ער צו מיר מיט אַ שמײכל, װען איך ענטפער אים אויף זײן פראַגע, װאָס איך האָב געטאָן אין דער אַלטער היים.

— יאָ, יאָ, מײן הערר, אַ שנײדער! — ער האָט מיך ניט „פאַרהערט". און איך האָב אים ניט געזען האַלטנדיק אַ נאָדל און פאָדעם, און איך האָב זיך אומזיסט געשראָקן...

פאַרװאָס ער האָט געשמײכלט בײ זײן אױספרעגן, װײס איך ניט. איז עס מעגלעך, אַז ער האָט זיך געפרײט, װאָס „זײן" אַמע־ריקע איז באַרײכערט געװאָרן מיט נאָך אַ שנײדער? אָדער ער האָט געװאוסט, אַז איך נאַר אים אָפּ און האָט זיך געמאַכט ניט װיסנדיק.

אַזױ צו אַזױ, מײן בלאָף איז בשלום דורכגעגאַנגען און איך בין שױן אויפן אַמעריקאַנער באָדן.

אויב איר, ליבער לײענער און לײענערין, װילט װיסן, װי איך האָב זיך אײנגעאָרדנט אין דעם נײעם לאַנד, װעט איר זיך באַמיען צו לײענען מײן ערשטן בוך:

„פּאָל־ריװער — אַמאָל און הײנט".

## נעמען פון שרייבער וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך

שלום־עליכם
שלום אַש
אברהם רייזען
ה. ד. נאָמבערג
גינאַ מעדעם
י. א. ראָנטש
רפאל פאָזנער
י. ב. ביילין
אברהם מאפו
י. ל. גאָרדאָן
פריי סמאָלנעסקין
לעוואַנדאָ
דוד עדעלשטאַט

טאָלסטאָי
גאָרקי
ניעקראַסאָוו
גאָגאָל
טשערנישעווסקי
לענין
געטע
שילער
היינע
גאָטהאָלד אפרים לעסינג
מענדלסאָן
קאַרל מאַרקס